„דארווינעזם", געשריבען פון אב. קאהאן, און א צווייטער אר־ טיקעל פון פיליפ קראנץ איבער „מאלטהוזיאניזמוס און קאפי־ טאליזמוס", און ענדיגען מיט „די שווימענדע טרונע", א פאנ־ טאזיע פון יעקב גארדין, און א קורצען פעליעטאן „פון דער לבנה", געצייכענט: דער שטערענזעהער. דער צווייטער נומער ענטהאלט א גערדיכט פון מארים ראזענפעלד, א ביאגראפיע פון פרידריך ענגעלס, געשריבען פון א. ארטמאן, די המשכים פון די ארטיקלען: „גאט, רעליגיאן און מאראל"; „מאלטהו־ זיאניזמוס און קאפיטאליזמוס" פון פיליפ קראנץ, און „דאר־ וויניזמוס" פון אב. קאהאן, צו וועלכען עס איז צוגעקומען אן ארטיקעל „דער אנהויב פון כעמיע", פון א. קאספע; אן אר־ טיקעל איבער „קאפיטאליזמוס אין אמעריקא", פון דעם באַ־ וואוסטען פראנצויזיש־אמעריקאנישען סאציאליסט לוציאן סעניאל; אן ארטיקעל איבער „פראדוקציאן און פריי האנדעל", פון י. פראנץ, א דייטשער סאציאליסט, און „דאס קינד", אן ערציילונג פון ג. דע מאפאסאן, איבערזעצט פון דוד בערנ־ שטיין (אב. קאהאן).

די נומערן דריי און פיר ברענגען המשכים פון אב. קא־ האנ'ס „דארוויניזמוס", צוויי שירים פון מארים ראזענפעלד, א ביאגראפיע פון טשערנישעווסקי, געשריבען פון ס. פאללאק, א ביאגראפיע פון זשול געד, דעם באריהמטען פראנצויזישען סאציאליסט, פון אב. קאהאן; „די פאריזער קאמונע", פון פ. קראנץ; די „סאציאל־דעמאקראטיע און מלחמה", נאך פריד־ ריך ענגעלס, פון איזאק ארטמאן; „א צופאל", ערציילונג פון פראנסוע קאפפע, איבערזעצט פון פ. קראנץ; „אן אפיקור־ סישע צוואה פון א גלח", נאך דר. קארל גרינבערג, פון ב. פיי־ גענבוים; „וואס זאל מען טאן?" אן ארטיקעל וועגען דער באַ־ וועגונג, פון ל. מיללער; „די רעליגיאן פון קאפיטאל", נאך פאול לאפרג, פון איזאק ארטמאן; „די לעבענס־געשיכטע פון דעם משוגענעם פילאזאף, באשריבען פון איהם אליין" (מא־ רים ווינטשעווסקי); „דער פאעט און די שטראסענמיידעל", ערציילונג פון פראנסוא קאפפע, איבערזעצט פון פ. קראנץ; „א מאסענפארזאמלונג אויף דער לבנה", פון דעם שטערענ־ זעהער. און... דערמיט זיינען די כוחות אויסגעגאנגען.

פיר נומערן האבן ערשיינט, מער איז ניט געגאנגען. פיל, זעהר פיל זיינען געווען באגייסטערט פאר דער „צוקונפט", אבער זיי זיינען געווען ווינציג אין צאל, אום זי אויפצוהאל־טען, און, איין נאָך ווייס, די הוצאות זיינען ניט אזוי גרויס געווען. דער רעדאקטאר, ער איז אויך געווען דער קארעקטאר, האט געזאלט קריגען 20 דאלאר א מאנאט געהאלט פאר דעם רעדאגירען, קאריגירען און עקסטרא ארטיקלען. ער האט גע־זאלט קריגען, אבער מיר דוכט, אז ער האט זיי קיינמאל אין די אויגען ניט געזען. מיט אמאל געווים ניט. אלע איבעריגע שרייבער, אחוץ אפשר מארים ראזענפעלד, וועלכער איז גע־ווען א גרעסערער ארימאן פון אלעמען, האבען געשריבען אומ־זיסט, מען וואלט, דוכט זיך, יענעם געלעגט אין חרם אריין, ווער עס וואלט זיך דערוועגט צו בעטען געלד פאר אזא דבר שבקדושה, און די שרייבער אליין וואלטען עס געהאלטען פאר א פארברעכען צו בעטען געלד. קיין עקסטרא געשעפטס־ פי־רער איז אויך ניט געווען. א. ארטמאן, דער געשעפטס־פירער פון דער „ארבייטער צייטונג", האט געטאן די ארבייט אומ־זיסט. קיין דירה־געלד פאר א רעדאקציע האט מען אויך ניט בעדארפט. דארויף איז געווען די „ארבייטערצייטונג" רעדאק־ציע. און פונדעסטוועגען האט מען מעהר ווי פיר נומערן ניט געקענט ארויסגעבען. אפנים, אז די צאל ארבייטער, וואס האבען זיך געגוייטינט אין אזא זשורנאל, ווי די „צוקונפט", איז ניט געווען אזוי גרויס, „ווי די גענאסען האבען באהויפטעט".

עס קאן דא ניט זיין מיין אויפגאבע צו זוכען די סיבה, פאר־וואס די „צוקונפט" האט ניט געקאנט עקזיסטירען. עס איז אויך ניט דא דער פלאץ צו קריטיקירען אדער אפילו אבצו־שאצען אלע ארטיקלען פון די פיר נומערן. איך האב אויסגע־רעכענט די ארטיקלען, כדי דעם לעזער צו געבען א באגריף, אויף וואסער אופן עס איז אויסגעפירט געווארען די פראגראם פון דער רעדאקציע. צו דערזעלבער צייט וויל איך אויפמערק־זאם מאכען אויף צוויי הויפט־פעלערען פון די ערשטע נומערן „צוקונפט". איך טו דאס ניט צוליב דער קריטיק פון דער „צו־קונפט", נאר אום בולטער צו כאראקטעריזירען די אטמאספע־רע פון דער דאמאלטיגער צייט.

אז מען לייענט איבער די אינהאלטס־פארצייכענונג, ארער אפילו די ארטיקלען גופא, זעט מען גלייך, אז די „צוקונפט" איז ניט געווען קיין זשורנאל אין דעם געוויינליכען זין. עס איז געווען א פעקיל מאמרים, א זאמלונג פון פארשידענע אר־טיקלען, ארטיקלען, וואס זיינען געווען מעהר ארער וויינינער גוט און פאפולער געשריבען, אבער ניט מעהר. איך האב דער־פאר טאקע גענומען זיך אזוי פיל אבצושילדערן דעם גייסטיגען צשטאנד פון יענע מענשען און יענער צייט, ווייל די „צוקונפט" אליין שווייגט וועגען דאס אלץ. אזוי ווי מען וואלט זיך מיט א כיון געהאט אפגערוקט פון לעבען. ווען איהר נעמט היינט די אלטע „צוקונפט" אין האנד, קאנט איהר ניט וויסען, ווען און וואו זי איז ארויסגעגעבען געווארען. דאס, משמעות, איז געווען איינע פון די הויפט־סיבות, וואס דער זשורנאל האט געהאט אזא קליינעם ערפאלג.

אבער עס איז געווען נאר א סיבה. מען האט געמאכט א גרויס געשריי וועגען דער וויסענשאפטליכקייט פון דעם זשור־נאל, נעגעבען האט מען אבער פאפולאריזאציעס. דער רעזול־טאט איז געווען: דער ארבייטער, וואס פאר איהם זיינען די פאפולאריזאציעס געמאכט געווארען און וואס פאר איהם הא־בען זיי זיך געפאסט, האט זיך געשראקען פאר דער „וויסענ־שאפט". „איך קאן דאס ניט פארשטיין", האט ער זיך געזאגט, ווי וויקטאר הוגא'ס ארבייטער, וואס האט פארברענט א ביב־ליאטעק מיט זעלטענע ביכער, בעת דער אינטעלינענטער מענש האט גע'טענה'ט: צו וואס דארף איך לייענען אייערע פאפו־לאריזאציעס, אז איך קאן עס לעזען אין אריגינאל אין אן אנ־דער שפראך.

אבער דאס איז נאר א מיינונג, אגב אורחא.

---

די „צוקונפט" האט זיך אפגעשטעלט, אבער זי איז ניט אונטערגעגאנגען. זי האט זיך מערערע מאל אפגעשטעלט און קיינמאל ניט אונטערגעגאנגען. אין די גאנצע ערשטע דריי יאר, אין די יארען 1892, 1893 און 1894, האבען סך הכל ערשיינט 17 נומערן.

זיבען חדשים האט די „צוקונפט" געמוזט רוהען נאך

איהר פיר מאל ערשיינען. די כוחות זיינען געווען אויסגע־
שעפּט.

צולעצט, אין סעפּטעמבער 1892, האָט זי ווידער ערשיינט
אויף דעמזעלבען אופן: די המשכים פון קאהאַן'ס „דאַרוויניז־
מוס", קראַנץ'ס „פּאַריזער קאָמונע", ווינטשעווסקי'ס „לעבענס־
געשיכטע פון א משוגע'נעם פילאָזאָף", א ביאָגראַפיע פון
פראַנסוא באַבעף, געשריבען פון אב. קאַהאַן; „קאָלעקטיוויז־
מוס און רעוואָלוציאָן", פון זשול גער, איבערזעצט, ווי ס'איז
צו זעהן פון דער שפּראַך, פון אב. קאַהאַן; ווינטשעווסקי'ס
א שיר; „א ראַציאָנאַליסטישע ערקלערונג וועגען דעם מבול",
פון מאָרים הילקאָוויטש, און אן איבערזעצונג פון בייראָן'ס
„געפאַנגענער פון שילאָן", פון בנימין ראָזענבלום, דעם יונג
פאַרשטאָרבענעם פּאָעט.

דערמיט האָט זיך געענדיגט דער ערשטער יאָרגאַנג.

אין די ווייטערדיגע נומערן איז קיין שינוי ניט פאָרגע־
קומען, אחוץ דעם, וואָס ביסלאַכווייז האָבען זיך אנגעהויבען
צו קלייבען אַרום דער „צוקונפט" נייע קרעפטען.

דער צווייטער יאָרגאַנג, אָדער ריכטיגער, דער זעקסטער
נומער, עפענט זיך אויף מיט א ביאָגראַפיע פון ראָבערט אועז,
פאַרפאַסט פון דעם שרייבער פון די צייליען. אין די ווייטער־
דיגע נומערן פון דעמזעלבען יאָרגאַנג דרוקען זיך שירים, ער־
ציילונגען און אפּהאַנדלונגען, ווי „די אַנטוויקלונג פון מאָראַל",
נאָך לעטורנאָ, פון י. ל. פּרץ, אונטער דעם פּסעוודאָנים פּלא"י.
עס באַווייזט זיך י. א. שאַרקאַנסקי, ש. פּעסקין, דער איצטי־
גער דאָקטאָר פּעסקין, און זיין ברודער איזראַעל פּעסקין. אין
1894 קומט ז. ליבין מיט זיין סקיצע א „פּיקניק", און אויב
איך האָב ניט קיין טעות, איז דאָס געווען זיין ערשטע סקיצע,
אחוץ א גאַנץ קליינער זאַך אין דער „אַרבייטער צייטונג".

כדי צו געבען נאָך א גענויערן באַגריף פון דעם כאַראַק־
טער פון דער „צוקונפט", וועט אפשר ניט שאַטען איבערצו־
געבען א טייל פון דעם אינהאַלט פון די ערשטע 11 נומערן.
חוץ די ביאָגראַפיעס, שירים, ערציילונגען און וויסענשאַפט־
ליכע אַרטיקלען, וואָס א טייל פון זיי איז שוין דערמאָנט גע־
וואָרען, קאָן מען נאָך מוסיף זיין אַזעלכע טעמעס, ווי „די באַ־

וועגונג פון הארץ און בלוט“, פון דאקטאר ה. ספיוואק; „דער מענש און זיין נשמה“, פון דאקטאר ס. אינגערמאן; „דער קוואל פון לעבען“, פון י. פעסקין; „שפראכען און ווי זיי צו לערנען“, פאעזיע און ווי מען שרייבט זי“, פון אב. קאהאן; „די קונסט פון שרייבען געדיכטע“, פון אב. קאהאן; „פייער שפייענדע בערג“, נאך באמעלי, פון שמואל פעסקין; „דארוויניזמוס און סאציאליזמוס“, נאך אן ארטיקעל אין דער „נייער צייט“, פון ס. ריס; „ערד־ציטערניסען“, פון ש. פעסקין; „פון וואנען שטאמט דאס קאפיטאל“, נאך קארל מארקס, פון אב. קאהאן; „דער מקור פון פראפים“, פון זיידעס (דאס איז דער היינטיגער בארימטער פראפעסאר זיידעס פון הארווארד־אוניווערזיטעט); „ווי אזוי האט זיך ביי מענשען גענומען די שפראך“, נאך טאילאר, דארווין און מאקס מיללער, פון שואל עלענבויגען (מיר דוכט אז דאס איז אב. קאהאן); „ווארימקייט און איהר קראפט“, א קאפיטעל פיזיקע, פון ג. ראבינאוויטש; „וואס איז די ליבע“, פון ל. מיללער; „די אפשטאמונג פון איינינע אידישע ווערטער“, פון אלעקסאנדער הארקאווי; „וואס האבען אויפגעטאן די מאשינען פאר דעם מענשליכען פארשריט“, נאך פאול לאפראג, (דער דאזיגער ארטיקעל איז געחתמ׳עט: ווילנא: נעמא); „די היסטארישע פילאזאפיע פון קארל מארקס“, פון שמואל פעסקין; „די שיף און דער לופט באלאן“, פון י. פינן; „די אנטוויקלונג פון בעלעטריסטיק“; „פון וואנען לעבען די פלאנצען“, פון איזראעל פעסקין; און ניט צו פארגעסען א גרויסע צאל ארטיקלען פון ב. פיינעבוים וועגע אידישקייט און אפיקורסות, ווי „די אידעע וועגען א גאט“, נאך לודוויג ביכנער; „דער וואהרער כאראקטער פון דעם אלטען אידישען גאט“; אידישע מלוכות אין רוסלאנד און אראביען“; „אידישע אינקוויזיציע כרת רחמנים בני רחמנים“, און נאך אנדערע.

ווי שוין געזאגט, איז ניט איצט די צייט, און עס איז אויך איצט ניט מעגליך, צו קריטיקירען די אלע ארטיקלען, אדער די „צוקונפט“ בכלל. פאר דעם שרייבער פון דעם ארטיקעל וואלט זיך דאס נאך ווייניגער געפאסט, ווייל ער איז געווען א לאנגע צייט איינער פון די הויפט־מיטארבייטער, און א גע־

וויסע צייט אויך דער רעדאקטאר פון דער „צוקונפט". מען מעג אבער גאנץ דרייסט זאגען, און די דערמאנטע ארטיקלען באווייזען דאס, אז די „צוקונפט" האט געזוכט ארומצונעמען אלע געביטען פון מענשליכען וויסען, און ביי די געשילדערטע אומשטאנדען און מיט די זעהר באגרעניצטע כוחות האט זי פיל אויפגעטאן.

אויף אזא אופן איז די „צוקונפט" געגאנגען ביז דעם יאר 1897. דאן איז ארויסגעקומען א מחלוקת אין די רייען פון די אידישע סאציאליסטען. איבער די סיבות פון דער מחלוקת איז פאראן פיל צו רעדען. דאס איז אן אינטערעסאנטער קאפי־טעל פאר זיך גופא. עס וועט זיין גענוג צו זאגען, אז די מענ־שען, וואס האבען יארען־לאנג געארבייט צוזאמען, האבען זיך צעטיילט. אב. קאהאן, ל. מיללער און מ. זאמעטקין, מיט א גרויסער אנהענגערשאפט, זיינען ארויסגעטרעטען פון דער „ארבייטער צייטונג" פובלישינג אסאסיאיישאן" (פארלאג אר־בייטער צייטונג) און האבען געגרינדעט דעם „פארווערטס". מארים ווינטשעווסקי, וואס איז דאן נור וואס געווען געקומען קיין אמעריקא, איז צוגעשטאנען צו דער אפאזיציע. דער רעזול־טאט פון דער מחלוקת איז געווען, אז די „ארבייטער צייטונג" און דאס „אבענד בלאט" זיינען סוף כל סוף אונטערגעגאנגען. אבער דער ערשטער קרבן וואס איז געפאלען, איז געווען די „צוקונפט". די „צוקונפט" איז פינאנציעל קיינמאל נים געווען זעהר שטארק. עס איז שטענדיג געווען די התלהבות פון א קליינער צאל מענשען, וואס האבען זי מיט געוואלד געהאל־טען ביים לעבען. ווען די מחלוקת איז אויסגעבראכען, איז אב. קאהאן געווען דער רעדאקטאר פון דער „צוקונפט", און אזוי ווי ער איז, נעבען ל. מיללער, געווען דער פירער פון דער אפא־זיציע, איז די „צוקונפט", נאטירליך, געווען אויף זייער זייט. די הויפט־אויפגאבע פון דער אפאזיציע איז געווען א טעגליכע צייטונג, און די „צוקונפט" איז אפגעשטעלט געווארען. דער אנדער צד, דער, וואס איז געבליבען ביי דער „ארבייטער צײי־טונג" און „אבענד בלאט", ווי פיליפ קראנץ, ב. פיינגענבוים, ש. פעסקין, ל. בודין, דער שרייבער פון דיזען, נ. י. סטאון (דער איצטיגער פירער פון דעם טאריף־ביורא אין וואשינג־

טאן) און נאך איינינע האבען נעפרובט ארויסגעבען א נייעם זשורנאל „די נייע צייט“, מיט דערזעלבער טענדענץ, ווי די „צוקונפט“, אבער עס איז ניט געגאנגען. דער דאזינער זשור-נאל האט עקזיסטירט בלויז עטליכע מאנאט.

6

אין יאר 1892 זיינען זיך ווידער צוזאמענגעקומען עטליכע פון דער „אלטער גווארדיע“, און האבען מחיה מתים געווען די „צוקונפט“, און פון דאן אן עקזיסטירט זי ביז היינטיגען טאג.

עס וואלט פארנומען צופיל פלאץ צו פארגלייכען דין נייע „צוקונפט“ מיט דער אלטער. קורץ ווי די צייט איז געווען, זיינען אין די עטליכע יאר דאך פארגעקומען זעהר פיל שינויים, און די נייע „צוקונפט“ האט זיך אויך געביטען. מיט איין אונ-טערשייד: דער אומבייט בכלל איז געווען צום שלעכטען, די „צוקונפט“ האט זיך געביטען צום גוטען. די פראגראם פון דער נייער „צוקונפט“ איז געווען דער אויסדרוק פון דעם דא-זיגען אומבייט.

„די „צוקונפט“ לעבט ווידער! — שטייט דארט געשרי-בען. — אין די אלטע גוטע צייטען, ווען אונזער באוועגונג איז נאך געווען יוגענדליך פריש, ריין און ענטוזיאסטיש, ווען קיין ביזנעס בלוט האט נאך ניט פארגיפטעט די הערצער, וואלט זיך דיזע בשורה, אזוי ווי אן עלעקטרישער שטראם דורכגע-טראגען איבער די גענאסענשאפטליכע רייען, אנצינדענדיג אומעטום אין די נשמות א פייער פון באגייסטערונג. ניט אזוי איז איצט דער פאל. די „צוקונפט“ האט אויפגעלעבט, אבער פילע פון אונזערע בעסטע גענאסען האבען אפגעלעבט. אמאל זיינען געווען אפילו אונזערע עלטערע מענשען יונג אין גייסט, היינט זיינען אויך אונזערע יונגע לייט גייסטיגע זקנים“.

און אט דער „היינט“ און „אמאל“ איז איינגאנצען אלט געווען פיר מיט א האלב יאהר. וואס האט פאסירט אין דער קורצער צייט, וואס האט געמאכט פון „אונזערע יונגע לייט גייסטיגע זקנים?“

א. ליעסין, דער שרייבער פון דער דאזינער פראגראם ענטפערט:

„די אמאליגע „צוקונפט“ איז געשטארבען פון מאראלי־שע אויסצערונג· דער פייער פון מחלוקת, וועלכער האט גראדע דאן אויסגעבראכען אין דער באוועגונג, האט אויסגע׳שרפה׳ט ביי די גענאסען יעדע מעגליכקייט צו ארבייטען די געלאסענע, לאנגזאמע ארבייט פון א מאנאטליכער אויסגאבע. זיי האבען פארלארען דעם געדולד און זיך גענומען יאגען נאך נאהענטע רעזולטאטען, וועלכע זאלען זיך פילען שוין אויף דער הייסער מינוט און וועלכע מען זאל קענען ארויסשטעלען דעם שונא אויף צופוקעניש. פון אזא זשורנאל האבען זיי עס ניט געקענט ערווארטען,און זייער גאנצע אויפמערקזאמקייט, כוחות און מוחות זיינען איינגעשלונגען געווארען פון דער טעגליכער פרעסע“.

אט די פראגראם, ווי מען קאן זעהן, האט מיט שארפע ווערטער פאראורטיילט די מחלוקת און דעם גרינדען פון א נייער צייטונג. אבער א. ליעסין איז די גאנצע צייט געשטאנען מיט דער צייטונג (דעם „פארווערטס“), וואס איהר גרינדונג האט ער איצט פאראורטיילט.

צי דאס איז געשריבען געווארען מיט א כיון, צי ניט, אבער דאס איז טאקע געווען די ריכטונג, וואס די „צוקונפט“ האט אנגענומען. פון יאר 1902 ביז 1912 איז די „צוקונפט“ געווען א באשטענדיגער פראטעסט קעגען דעם טעגליכען „פארווערטס“.

אין דעם פראגראם פון דער ערשטער „צוקונפט“ האט די רעדאקציע געשריבען: „אונזער פראגראמע קען אויסגעדריקט ווערען אין עטליכע ווערטער: מיר זיינען סאציאל־דעמא־קראטען“.

ווענען דעם שרייבט די נייע פראגראם:

„דאס איז געשריבען געווארען אין יענער גליקליכער צייט, ווען אונזער באוועגונג האט נאך געהאלטען אין אויפבליען... דאן האבען מיר געהאט איין תורה, איין אמת, איין פארטיי... דענסטמאל איז ווירקליך גענוג געווען צו זאגען בקיצור מיר זיינען סאציאל־דעמאקראטען. יעדער איינציגער אין לאנד,

װעלכער האָט נור געװאוּסט פון אונזער עקזיסטענץ, װאָלט שוין אין אונז קיין טעות ניט געמאַכט.

„אַנדערע צייטען, אַנדערע לידער! די נייע לידער קלינגען אפשר טרויעריגער, אָבער זיי זיינען אַנדערע".

און די „צוקונפט" פון יאָר 1902 איז באמת געװאָרען אַן אַנדערע. אָבער די לידער זיינען ניט געװען טרויעריגער. אמת, אינגאַנצען איז די „צוקונפט" ניט אָפּגעטראָטען פון איהר אַל־טער פּראָגראַם; די ביאָגראַפיעס זיינען װייטער געדרוקט גע־װאָרען אין יעדען נומער; די „װיסענשאַפט" איז ניט פיל גע־מינערט געװאָרען; די „צוקונפט" איז אָבער אין פיל זאַכען אָפּגעטראָטען פון דער אַלטער פּראָגראַם. זי איז געװאָרען ברייּ־טער, פילזייטיגער און פילפאַרביגער. זי האָט זיך גענומען באַ־שעפטיגען מיט דעם לעבען. דאָס נייע לעבען, װאָס האָט אָנ־געהויבען צו װעהען אַרום איהר, די פּאַסירונגען אין רוסלאַנד, די נייע באַװעגונג צװישען די אידען אין רוסלאַנד, װי דער פּאָליטישער ציוניזם, דער בונדיזם, האָבען זיך ביסלעכװייז אַריבערגעטראָגען קיין אַמעריקאַ, און דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אַריינגעבלאָזען אַ ביסעל לעבען אין דער „צוקונפט".

די „צוקונפט" פון 1902 באַשעפטיגט זיך שוין מיט זאַ־כען, װי „די כינעזישע פראַגע"; „דער אמת װעגען די בורען־מלחמה"; „די מלחמה איז זיך אַפריקאַ"; „די רוסיש־פראַנ־צויזישע אַלליאַנץ"; די „אַגיטאַציאָן פאַר'ן רעפערענדום"; „ציוניזמוס און נאַציאָנאַליזמוס" א. אז. װ.

דעם דאָזיגען שינוי האָט מיטגעהאָלפען דער אָפטער בייט פון די רעדאַקטאָרען. עס איז, דאַכט זיך, ניטאָ קיין איין זשורנאַל, װאָס האָט אין אַ קורצען משך צייט געהאַט אַזוי פיל רעדאַקטאָרען, װי די „צוקונפט". דאָס יאָר 1902 איז רע־דאַגירט פון אַב. קאַהאַן און מאָריס װינטשעװסקי; 1903 איז רעדאַגירט פון מאָריס װינטשעװסקי און ב. פייגענבוים; 1904 און 1905 פון פיליפּ קראַנץ; 1906 פון דר. פאַרנבערג; 1907 פון יעקב מילך און מאָריס װינטשעװסקי; 1908 פון מאָריס װינטשעװסקי. און פון דאַן אַן ביז צו ענדע פון 1912 אונטער אַ רעדאַקציאָנס־קאָמיטעט, געפירט פריער פון דר. פאַרנבערג און דערנאָך פון ש. א. זאַקס.

מיט יעדען נייעם רעדאקטאר האט די „צוקונפט" אנגענר־
מען א נייע געשטאלט. אבער בכלל איז דער האריזאנט גע־
ווארען ברייטער. די ליטעראטור און ליטעראַרישע קריטיק
האט פארנומען אלץ א וויכטיגערן פלאץ, די אידישע פראגע
אין איהר פילזייטיגקייט האט זיך אלץ מעהר פארברייטערט,
און די אזוי גערופענע פאפולאריזאציעס זיינען אלץ מעהר
פארשטופט געווארען אין א ווינקעל. אזוי אז מען קאן זאגען,
אז פון דעם יאר 1902 האט די „צוקונפט" דורכגעמאכט א
פראצעס פון זיך שטעלען אויף די אייגענע פיס. און אז מען
בלעטערט דורך די אלטע „צוקונפט", מוז מען פארוואונדערט
ווערען פון די פיל שענע און אריגינעלע ארבייטען, וואס זיי־
נען דארט פארעפענטליכט געווארען אין משך פון די יארען,
פון אונזערע אייגענע שרייבער.

אז איבערבליק איבער די טעמעס און ווי זיי זיינען באַ־
האנדעלט געווארען, וואלט לייכט באוויזען דעם חלק, וואס די
„צוקונפט" האט אין די אנטוויקלונג פון דער אידישער פובלי־
ציסטיק און שפראך. אבער די גרויס פון דער אונטערנעמונג
און מיין אייגענע מיטווירקונג אין דעם זשורנאל פארבאטען
מיר דאס, כאטש עס וואלט געוואונשען געווען. מיר ועלען
זיך באגנוגענען דערמיט, וואס מיר וועלען זאגען, אז די „צו־
קונפט" איז קיינמאל ניט אראפ פון איהר סאציאליסטישען
שטאנדפונקט, איז קיינמאל ניט געווען וואולגאר און האט קיינ־
מאל ניט געמאכט קיין קאמפראמיסען צו געפעלען דעם המון.

---

עס איז אוממעגליך צו רעדען פון דער „צוקונפט" זינט
1902, און ניט דערמאנען איהר געוועזענעם געשעפטס־פירער,
א. ר. נעטטער.

א. ר. נעטטער איז היינט א איד פון א יאר זיבעציג, אדער
מעהר, און עס איז כדאי איהם צו קענען. ער איז א איד א בר
אוריין, א משכיל פון ריב"ל'ס חדר, וועלכער האט מעהר ווי
איינמאל געפרובט זיין כוח מיט דער פעדער און האט, אחוץ
פיל ארטיקלען אין די צייטונגען, פארעפענטליכט א ביכעל
איבער רעליגיע. זיין ערנסטקייט און ערליכקייט און געטריי־
שאפט צו זיינע פרינציפען, האט איהם פארשאפט אלגעמיינע

אכטונג. און אין יאר 1902 איז ער אויסגעקליבען געווארען פאר׳ן געשעפטס־פירער פון דער „צוקונפט״. א שווערע אויפ־גאבע האט ער געהאט. לא די וואס ער האט באדארפט שאפען די פינאנצען; לא די וואס ער האט באדארפט פארהאנדלען מיט דעם דרוקער און פאפיר־הענדלער, — א זאך, וואס האט געפאדערט זעהר פיל טאקט, ביי דער זעהר אומגינסטיגער פי־נאנציעלער לאגע, איז וועלכער די „צוקונפט״ האט זיך תמיד געפונען, — האט ער נאך באדארפט באשאפען די ליטעראטור. דאקטאר אב. קאספע, דער ערשטער רעדאקטאר פון דער נייע באלעבטער „צוקונפט״, האלט זיך גיט פאר קיין רעדאקטאר. ער האט די רעדאקציע אנגענומען ניט ווילענדיג, ווייל עס איז דאן קיין אנדערער ניט געווען. דער סוף איז געווען, אז די גאנצע ארבייט איז געפאלען אויף דעם זעכציג־יעריגען געטטער. ער האט זיך די פיס אפגעהאקט לויפענדיג פון איין שרייבער צום אנדערען. גאנצע טעג איז ער אפגעזעסען ביי איינינע, און ער האט באקומען ארטיקלען אומזיסט דארט, וואו קיין אנדערער וואלט ניט באקומען פאר געלד. דעם אלטען, גרייז־גראען, בנעימות׳דיגען געטטער האט קיינער ניט גע־קענט אפזאגען. און מען קען מיט רעכט זאגען, ווען ניט געט־טער, וואלט ניט געווען קיין „צוקונפט״. ער האט אבער אויפ־געטאן נאך עטוואס: אין א געוויסען זין האט ער געגעבען א ריכטונג דער „צוקונפט״, אפשר די אויסגעהאלטענסטע ריכ־טונג, וואס זי האט געהאט.

אין זיין פראגראם פון יאר 1902 שרייט א. ליעסין: „איינע פון די גרויסע דינסטע פון אונזער טעגליכער פרעסע איז די וואקסענדע אונצופרידינהייט מיט איהר גופא״. ליעסין האט דאס געמיינט אין אן אנדער זין. ער האט געמיינט, אז די טעגליכע פרעסע באשאפט א סארט לעזער, „וועלכע קענען זיך שוין מיט איהר ניט באנוגענען, וועלכע פאדערען עטוואס מעהר״. אויסגעקומען איז עס אבער בוכשטעבליך. דער „פאר־ווערטס״ איז געגרידעט געווארען דורך דעם כוח פון א געוואל־דיגען ענטוזיאזם פאר צוויי גרויסע פרינציפען: „פרייע פרע־סע״ און „פאלקס־פארוואלטונג״. אבער עס האט ניט גערויערט זעהר לאנג, — און די פריערדינע אנהענגער פון דעם „פאר־

ווערטס“ זיינען געווארען זיינע געגנער. אין דער צייט, ווען די מחלוקת האט זיך געפירט, האט אויך געטטער זעהר פיל געשטיצט דעם „פארווערטס“ צד, און זיין שטיצע האט באדייט פיל. זיינען יארען, זיין אינטעליגענץ און ערליכקייט האט פארשאפט דער „פארווערטס“־באוועגונג פיל אנהענגער. ער האט זיך אבער באלד ענטוישט, און ער איז געווארען א פאר־ביסענער געגנער פון דעם „פארווערטס“ מעטאדען און פירונג. מיט זיין מיטהילף אלס געשעפטס־פירער האט זיך די „צו־קונפט“ אליין מעהר אנטוויקעלט צום געגנער פון „פארווערטס“. די דאזיגע געגנערשאפט האט ניט געשטערט דעם „פארווערטס“ צו ווערען די גרעסטע און רייכסטע אידישע צייטונג אין דער וועלט, וועלכע דרוקט זיך, לויט דער לעצטער סטאטיסטיק, אין 150 טויזענד עקזעמפלארען יעדען טאג. זי האט אבער גע־שטערט זיין רוה. צווישען דעם „פארווערטס“ און דער „צו־קונפט“ האט זיך איבערגע׳חזר׳ט די פארהעלטנים, וואס איז פריער געווען צווישען דער „ארבייטער צייטונג“ און די אי־בעריגע צייטונגען — דער „פארווערטס“ איז געווארען וואס אמאל רייכער, די „צוקונפט“ — איינפלוסרייכער.

דער דאזיגער צושטאנד האט געפירט צו רייסערייען, וואס די „צוקונפט“ האט געליטען פון זיי פינאנציעל, דער „פאר־ווערטס“ — מאראליש.

דער סוף איז געווען, אז אין אפריל פון יאר 1912 זיינען די מענשען ארום דער „צוקונפט“ צולעצט מיד געווארען און האבען, אויף דעם פארלאנג פון „פארווערטס“, זי איבערגע־געבען צו דעמזעלבען. דער „פארווערטס“ האט זיך מתחיב געווען אויסצוצאלען אלע חובות, ארום פינף טויזענד דאלאר, פון דער „צוקונפט“, וואס ער האט אויך מקיים געווען.

ביז יאנואר 1913 איז קיין שינוי ניט פארגעקומען. אין יאנואר האט דער „פארווערטס“ ארונטערגעזעצט דעם רעדאק־ציאנס־קאמיטעט מיט זיין אויספירענדען רעדאקטאר ש. א. זאקס און האט ארויפגעזעצט על כסא הרעדאקטאר א. ליעסין.

וועגען דער נייער רעדאקציע קאן מען נאך, נאטירליך, נאך ניט זאגען, אבער אויב א שינוי השם האט עטוואס צו באדייטען, קען מען עס זעהן פון דעם: אנשטאט „א וויסענ־

שאַפטליך־סאָציאַליסטישע מאָנאַטשריפט“, שרייבט זיך איצט אויף דעם שער: „אַ פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכע, ליטעראַריש־סאָציאַליסטישע מאָנאַטשריפט“.

אונטער דער נייער רעדאַקציע און געשעפטס־מעטאָרען האָט די „צוקונפט“ זעהר פיל געוואונען אין צירקולאַציע. וועט זי אויך געווינען אין איינפלוס? דאָס דאַרף מען אָפּוואַרטען.

# רעאַקציאָנערע שטרעמונגען *)

דאַס יאהר 1905 קען מיט רעכט באַטראַכט ווערען אַלס דער אנהויב פון אַ נייער עפּאָכע אין דעם לעבען פון די אידען אין אַמעריקאַ.

געשיכטליכע פּעריאָדען לאָזען זיך ניט לייכט פאַנאַנ־דערטיילען. מען קען ניט זאָגען מיט באַשטימטהייט: די און די פּעריאָדע הויבט זיך אַן אין אַזאַ און אַזאַ יאהר. געוועהנליך וואַקסט איין פּעריאָדע אַרויס פון אַנ'אַנדערע, אַ פריהעריגע, דורך אַ לאַנגע אַנטוויקלונג און אַ לאַנגע רייהע פון יאָהרען. עס דויערט לאַנג ביז די נייע תקופה ציינט אַרויס די סימפּ־טאָמען, דורך וועלכע זי לאָזט זיך דערקענען. יעדע פאַנאַנדער־טיילונג איז דערפאַר ווילקירליך. דאַס בעסטע וואָס מען קען טון איז נאָכצושפּירען די סימנים ריקווערטס, ביז מען קומט אַן צו אַ פּונקט וואָס פירט ניט ווייטער. דיזען פּונקט דאַרף מען נעמען פאַר דעם אנהויב פון דער פּעריאָדע. דער אנהויב, ניט דער אנפאַנג. דער אנפאַנג ליגט געוויינליך באַהאַלטען טיעף אין דער פאַרגאַנגענהייט, איינגעהילט אין טויזענדע פאַרשיעדענע באַגעבענהייטען, פאַראורזאַכט פון אונצעליגע סבות — באַגעבענהייטען און סבות, וועלכע קיין אויג קען ניט כאַ־פּען.

געהענדיג אַזוי אַרום אין געדאַנקען צוריקוועגס, זוכענדיג דעם עק פון דעם קנויל פון דעם היינטיגען אידישען לעבען אין אַמעריקאַ, מוז מען זיך אָפּשטעלען ביי דעם יאהר 1905.

פאַר וואָס דוקא 1905 ?

די פאָלגענדע בלעטער וועלען זוכען צו פאַרענטפערען די פראַגע.

---

*) ערשיענען אין די „שריפטען“, זומער 1919.

דאס אידישע עפענטליכע לעבען צייכענט זיך אלע מאל אויס מיט א פיבערהאפטע נערוועזיטעט — א נערוועזיטעט, וועלכע באמערקט זיך ניט ביי אנדערע נאציאנען. די איבעריגע מענשהייט, וואס קען אונז אייגענטליך זעהר וועניג, טראץ דעם וואס זי טוט אונז אז אלע נגישות, באטראכט אונזער נערוועזיטעט פאר אן אויסדרוק פון אונציוויליזירטקייט, פון א פעלען אין מאנירען, פון דעם וואס מיר זיינען ניט גענוג פאלירט, און וועניג געבילדעט. דאס איז איינס פון די טויזענדע בלבולים וואס ווערט געוויינליך געגען אונז געמאכט. דאס איז אונזער מזל אזא, ניט נאר ליידען מיר פאר אונזערע חסרונות, מיר צאלען אויך טייער פאר אונזערע מעלות. אזוי לאנג ווי מיר וועלען זיך ניט אויסקעמפען דאס רעכט צו האבען חסרונות, וועלען מיר ניט האבען קיין רעכט צו האבען מעלות. ווארום די נערוועזיטעט, וואס מיר ציינען אין עפענטליכע טעטיגקייטען איז ניט א חסרון ביי אונז, עס איז א גוטע מדה, וואס מיר באזיצען. דער חסידיזם שיינט צו זיין איינגעווארצעלט אין דעם אידישען כאראקטער. אין וואסער באוועגונג דער איד זאל זיך ניט באטייליגען, טראגט ער אריין זיין איינגעבוירענעם חסידיזם. די באוועגונג ווערט באלד א קאכיגע, א היציגע, מיט א רירעוודינקייט און א התלהבות, וועלכע זיינען פריהער געווען פרעמד צו איהר. דער איד אין די פארשיעדענע באוועגונגען איז דער „שעור שבעסה", דאס זויערטייג וואס מאכט די גאנצע באוועגונג אויפיערען, מאנכעס מאל — זאגאר איבערלויפען.

פון דעם קומט אויך, וואס אונזערע איינענע באוועגונגען, דא וואו מיר זיינען אליין פאר זיך, באשטעהענדיג פון בלויז „זויערטייג", האבען זעלטען א האפט. מיר הויבען געוויינליך אן מיט רעש, מיט קולות און געשרייען, דערבאטען אהן א שיעור, מיט לויפען און פליהען, אז א זייטיגער מענש קען מיינען די וועלט ענדיגט זיך, אדער הויבט זיך אן.

און טעטיגקייט פעלט ביי אונז ניט. עס איז ניט דא קיין צייט ווען מיר זאלען ניט זיין זעהר באשעפטיגט מיט עפענטליכע אנגעלעגענהייטען. עס איז גענוג א קוק צו טון אין די אנאנסען פון די אידישע צייטונגען מען זאל זיך איבערציינגען

אין די פּילזייטיגע, פילפאַכיגע און פילפאַרבינע טעטיגקייטען אונזערע.

א פּרעמדער קען מיינען, אַז די מלחמה מיט איהרע ספּעציעלע פּראָבלעמען, האָט אַרויסגערופען דיזע באַוועגונגען. אָבער דאָס איז אַ טעות. די מלחמה האָט ניט פיל בייגעטראָגען צו אונזערע עפענטליכע באַשעפטיגונגען. אפילו דער ציוניזם, וועלכער האָט געקריגען אַ שטאַרקען שטויס פון באַלפאָור'ס דעקלאַראַציע, און פּרעזידענט ווילסאָן'ס סימפּאַטיע ערקלערונגען, קען אין אמת'ען ניט צוגערעכענט ווערען צו די באַוועגונגען, וואָס זיינען אַרויסגערופען געוואָרען פון דער מלחמה. דער ציוניזם האָט זיך ניט אָנגעהויבען מיט דער מלחמה און וועט זיך ניט ענדיגען מיט דעם שלום.

דאָס זאַמלען פון געלדער פאַר די מלחמה ליידענדע, אַ דירעקטע מלחמה רעזולטאַט ביי אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען, איז דאָס ביי אונז איינע פון אונזערע אַלטעגליכע אַרבייטען. מיר זאַמלען די געלדער מעהר פאַר פּאָגראָם קרבנות איידער פאַר מלחמה קרבנות. דאָס האָבען מיר געטון פאַר די מלחמה, און דאָס, ווי עס שיינט, דאַרפען מיר, ליידער, נאָך מעהר טון נאָך דער מלחמה.

אונזערע טעטיגקייטען זיינען אַלזאָ באַשטענדיגע, און אַלס אַזעלכע האָבען זיי אימער אַ באַשטימטען כאַראַקטער, ענטהאַלטען זיי אַלע מאָל עטוואָס, וואָס קען באַטראַכט ווערען אַלס אַ כאַראַקטעריסטישער אויסדרוק פון דער גאַנצער באַוועגונג.

נעמט מען באַטראַכטען אַט דיזע באַשטענדיגע, נאַטירליכע באַוועגונגען פון דעם אַמעריקאַנער יודענטום, און מען וויל אויסגעפינען דאָס כאַראַקטעריסטישע פון דיזער נערוועזער קאָכיגקייט, מוז מען קומען צום שלוס, אַז אויף אַלעם ליגט דער שטעמפּעל פון רעאַקציע.

רעאַקציע, דאָס איז דער תמצית פון דעם היינטיגען יודענטום אין אַמעריקאַ.

רעאַקציע און פּאַרטשריטליכקייט ביי אונז, האָט היינט צו טאָג אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדער געשטאַלט. ביי די סמנים פון אַמאָל קען מען זיי היינט מעהר ניט דערקענען. —

אין דער ערשטער השכלה פּעריאָדע זיינען די רעאַקציאָנערען

געווען די רעליגיעזע מענשען, די פאנאטיקער, ווי מיר האבען זיי דאן גערופען. אפיקורסות איז באטראכט געווארען אלס דער העכסטער שטאפעל אויף דעם ליטער פון פראגרעס. אלץ וואס איז געווען גלויביג און פרום איז פאררעכענט געווארען פאר רעאקציאנער, אלץ אונגלויביגע — פאר פארטשריטליך.

צו יענער צייט איז דאס געווען אין ארדנונג.

„די קריטיק פון רעליגיאן איז די התחלה פון אלע קריטיק". זאגט קארל מארקס. כדי מען זאל זיך קענען אננעמען מיט דרייסטקייט פון א קריטיקער, מוז מען זיך פריהער באפרייען פון דעם רעליגיעזען לאסט. יעדע קריטיק הויבט זיך דערפאר אן מיט דער קריטיק פון דער רעליגיאן. אזוי איז עס צוגעגאנגען אומעטום, אזוי איז עס אויך געשעהן ביי אונז.

מיט דער קריטיק פון דער רעליגיאן זיינען מיר היינט פאר־טיג. אויף וויפיל מען קען מיט איהר איבערהויפט פארטיג ווע־ווערען. ווייטער זיינען מיר ניט געגאנגען, ד. ה. מיר האבען זיך פרובירט געהן, אבער מיר זיינען ניט ווייט דערגאנגען. די רע־ליגיאן שפילט היינט מעהר ניט די ראלע וואס זי האט אמאל געשפילט, דערפאר אבער האט זי אנגענומען אנ'אנדער צורה. די אפיקורסים פון אמאל זיינען די רעאקציאנערען פון היינט. אפיקורסות איז אמאל געווען א סאציאלע באוועגונג ביי אידען. עס האט געהאט דעם צוועק ארויסצופיהרען דעם אידען אויף דער ברייטער וועלט, איהם בילדען און פארלייכטערען דאס לעבען. די היינטיגע אפיקורסים האבען גובר געווען די רעלי־גיע פאר זיך אליין, פאר דער איינענער פערזענליכער באקוועמ־ליכקייט: זיי האבען זיך באפרייט פון די פליכטען וואס די רעליגיע לעגט ארויף אויף דעם איינצעלנעם, אבער זיי באנוצען זיך מיט איהר אויף וויפיל זי דיענט זייערע צוועקען פאר רע־אקציאנערע סאציאלע אנזיכטען.

דאס וויכטיגסטע דאביי איז, וואס דיזע גרופע, וועלכע איז היינט זעהר גרויס, טרעט ניט מעהר ארויס פאראיינצעלט ווי אין די פריערדיגע צייטען. היינט צו טאג איז זי ארגאניזירט, מיט א באוואוסטזיין, מיט א מצח אשה זונה.

דיזע גרופע וואלט סוף כל סוף ניט געהאט פיל מאכט, ווען זי וואלט ניט פארשטארקערט געווארען פון אנדערע גרופען,

אונבאוואוסטע, אונשולדיגע, וויכטיג־טוענדיגע, פּראַגרעסיוו זיך אויפשפּילענדע רעאקציאנערען. נאַטירליך אונטערשיידען זיך דיזע גרופּען אין פילע הינזיכטען. פון דער גאַנץ אונטערשטער גרופּע, ביז דער גאַנץ איבערשטער גרופּע איז די שיכטען פון רעאַקציע איז אַ וויימער מהלך: ווערענד אייניגע צווישען זיי זיינען אונסימפּאַטיש, אונפּרינציפּיעל און אונעהרליך, זיינען די אַנדערע זעהר ערנסט, איבערגעבען, אידעעל און פול מיט גלויבען, אַז זייערס איז דאָס לעצטע וואָרט אין דעם אידיש נאַציאָנאַלען קולטור־לעבען. וויל מען אָבער ארומנעמען די היינ־טיגע פּעריאָדע אין איהר גאַנצקייט, וויל מען, אַזוי צו זאָגען, אַנטאַפּען דעם דופּק פון דער פּעריאָדע, מוז מען זיך אָפּשטעלען אויף דעם רעאַקציאָנערען צוג וואָס בלאָזט פון אַלע זייטען. דער אונטערשייד אין די שיכטען רעדוצירט זיך דאָן צו אַן אונ־טערשייד אין גראַד און ערנסטקייט.

דאָס איז דער הויפּט חילוק צווישען דער היינטיגער צייט און דער ערשטער צייט פון די אידען אין אַמעריקאַ.

דיזעלבע רירעוודיגקייט, דאָס זעלבע שמייען, דיזעלבע התלהבות ווי אַמאָל, אָבער עס איז דאַ אַ חילוק:

דאָס באַשטימטע, דאָס פּאָזיטיווע, דאָס כאַראַקטעריסטישע, דאָס וואָס האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען, און איבערגעוואוי־גען אַלעס אַנדערע אין דער ערשטער פּעריאָדע, איז געווען דאָס פּראָגרעסיווע, דאָס פאָרטשריטליכע, דאָס פאָרווערטס־שטרע־בענדע, ווערענד היינט איז פּונקט פאַרקערט:

דאָס איבערוועגענדע, דאָס מאַסגעבענדע, דאָס כאַראַקטעריס־טישע, איז דאָס ריקווערטס געהן, איז די רעאַקציע.

מען דאַרף מיך ניט פאַלש פאַרשטעהן.

איך זינג ניט קיין שירה צו דער ערשטער פּעריאָדע, און איך מאַך ניט קיין הספּד די היינטיגע צייט.

אין דער ערשטער פּעריאָדע פון דעם אידישען לעבען אין אַמעריקאַ, איז ניט אַלעס געווען פויגעלדיג, און היינט איז ניט אַלעס מיאוס. ניט זיינען דעמאָלט אַלע געווען מלאכים און ניט זיינען היינט אַלע גלחים.

אין מאַנכע באַציהונגען איז די היינטיגע אידישע געזעל־שאַפט אַ שענערע, אַ סאָלידערע, אַ מעהר פאַראַנטוואָרטליכע.

צווישען דעם יום־כיפור באל פון רעמאלט און דעם חנוכה באל פון היינט, איז מיר אלע מאל ליבער דער חנוכה באל, ווייל אויך דעמאלט איז ער מיר געווען ליבער, ווייל דער יום־כיפור באל איז מיר אלע מאל געווען צו ווידער, ווייל ער איז קיינמאל ניט געווען דער אויסדרווק פון דער אידישער פראגרעסיווער פע־ריאדע אין דיזען לאנד. דער יום־כיפור באל איז געווען ניט מעהר ווי אן אויסוואוקס, אן אונפערמיידליכער נאכשלעפער, ניט דער פיהרער, און ניט דער וועגווייזער, פון יענער פעריאדע.

פונקט ווי אין א צייט פון אן אלגעמיינעם אויפשטאנד, ווען די אלטע ארדנונג ווערט פארניכטעט און קיין נייע איז נאך ניט באשאפען געווארען — פונקט ווי אין אזא צייט געפינען זיך אלע מאל מענשען, וואס באנוצען זיך מיט דעם אונפאר־מיידליכען טומעל און פראקטיצירען רויבעריי אונטער א הויך קלינגענדיגען נאמען, ווי עקספראפריאציע, רויבערייען, וואס זיינען געגען דעם גייסט פון דעם אויפשטאנד, און וואס שעדי־גען זיין רעפוטאציע, אזוי איז דער יום־כיפור באל געווען אן אומגליקליכער אבער אונפארמיידליכער באגלייטער פון דעם פראגרעסיווען שטרעבען פון יענער צייט.

אונגעלומפערט, פאראכטליך און שעדליך ווי די גוואלדזוא־מע עקספראפריאציעס אין א צייט פון אן אלגעמיינעם אויפ־שטאנד זיינען, זיינען זיי פונדעסטוועגען א סימן, אז עס געהט אן אן אויפשטאנד, וועלכער איז אין זיך אליין מאראליש, גרויס־ארטיג, נוצליך, און וועלכער באשטרעבט אידעאלע צוועקען, וואס שטעהען אין ווידערשפרוך צו דיזע אויסשרייטונגג.

אונגעלומפערט, נאריש און שעדליך ווי דער יום־כיפור באל איז געווען, האט ער צו דערזעלבער צייט געדינט אלס סימן פון א פארטשריטליכער באוועגונג. וואס איז זיך געגאנגען איהר איי־גענעם וועג, נאר וועלכען דער יום־כיפור באל האט זיך נאכ־געשלעפט.

פארקערט ווידער: סימפאטיש און אנגענעהם ווי דער חנוכה באל איז אין זיך אליין, איז ער א סימן פון א רעאקציאנערען שטרעבען, וואס געהט אן היינט צו טאג, וועמעס באגלייטער ער איז.

2

איידער מיר געהן ווייטער, און כדי אויסצומיידען מיספאר־שטענדניסע, איז כדאי קלאר צו מאכען וואס איך פארשטעה אונטער דעםווארט פראגרעס און זיין היפוך, רעאקציע.

נאטירליך איז אונמעגליך זיך דא אריינצולאזען אין א לאנגע און אפשר לאנגווייליגע דיסערטאציע וועגען די פארשיידענע טעאריעס און דעפיניציעס פון דעם ווארט פראגרעס. איך וועל דאדורך נאר זאגען, אז אונטער דעם זאץ, פראגרעסיווע טע־טיגקייט פארשטעה איך פאר אלעמען א באוועגונג, אן עפענט־ליכע האנדלונג, א צוזאמענפיהרען פון סאציאלע כוחות, וואס פיהרט צו א בעסערע סאציאלע פארשטענדיגונג.

די האנדלונג מעג זיין פון א יחיד, געבויט, ווי עס מעג אויסזעהן אויבערפלעכליך, אויף זיינע פערזענליכע פארלאנגען, באדארפענישען, סימפאטיעס אדער עמאציעס. קוים רעפלעק־טירט דיזע האנדלונג א געזעלשאפטליכעס פארלאנגען, א שטרע־בען צו ערפילען אן אלגעמיינע באדארפניש, סיי א מאטעריע־לע, סיי א גייסטיגע באדארפניש, איז דאס א פראגרעסיווע טע־טיגקייט. מיט אנדערע ווערטער: די טעטיגקייט פון דעם יחיד צו פארבעסערען די סאציאלע לאגע פון דעם כלל; דאס שטרע־בען פון דעם יחיד צו דערווייטערען דעם בליק, אויסצופיינערען דעם געשמאק, צו פאראיידלען די געפילען, צו פארטיפען די איינזיכט, צו פארשטארקערען די מאראלע באגריפען, צו בא־פעסטיגען די אונאפהענגיגקייט און זעלבסטווירדע, צו פאר־מעהרען די נאטירליכע און געזעצמעסיגע באדירפנישען און פארלאנגען, צו פארלייכטערען די אויפגאבע פון די מאטעריעלע עקזיסטענץ פון דעם מענשען — דיזע טעטיגקייט, מעג זי קומען אלס רעזולטאט פון די אייגענע באדארפנישען און פארלאנגען, איז פראגרעסיווע טעטיגקייט. דער רעזולטאט — דאס איז פראג־רעס.

ווען דיזע האנדלונג פון דעם איינצעלנעם געהט איבער צו א גרעסערע צאל מענשען, ווען זיי ערהויבען זיך צו מאסענ־האנדלונגען, ד. ה. ווען גרויסע מאסען מיט אמאל, באוואוסטזי־ניז און ארגאניזירט, באטייליגען זיך אין אזא ארבייט, דאן איז

דאס אליין, די באוועגונג גופא, דער אמת'ער, דער איינציגער פראגרעס.

דער פראגרעס, לויט זיין אינערליכער נאטור, קען קיינמאל נ״ט אויפהערען זיך צו באוועגען, און זיך צו באוועגען אין דיזער ריכטונג. די מינוט וואס ער הערט זיך אויף צו באוועגען, אין דיזער מינוט הערט ער אויף צו זיין פראגרעס. דארום איז די באוועגונג אליין, ווען גרויסע מאסען באטייליגען זיך אין איהר, און ווען זי באוועגט זיך אין דער אויבענאנגעצייכענטער ריכטונג, די איינציגע מאס פון פראגרעס. די סימנים, לויט וועלכע מען קען דערקענען א פראגרעסיווע באוועגונג, איהרע סימפטאמען, זיינען האפנונג און גלויבען און א בעסערע צו־קונפט פאר דעם כלל.

דאס פארטשריטליכע איז אלע מאל סאציאל און אפטימיס־טיש.

דער כלל, די געזעלשאפט, איז גרויס, ברייט, טיף, אונענ־ליך און פול מיט קראפט און לעבענס־זאפט.

די טעטיגקייט וואס בויט אויף דעם כלל, וואס שטיצט און ווערט געשטיצט פון דעם כלל, איז דארום אלע מאל גרויס און גרויסארטיג, פול מיט האפנונג, ערווארטונג און גלויבען.

דאס פארקערטע איז אמת ווענען רעאקציע.

פונקט ווי דאס פארטשריטליכע איז אלע מאל סאציאל און אפטימיסטיש, איז דאס ריקשריטליכע אנטי־סאציאל און פע־סימיסטיש.

דער פראגרעס שפאצירט נעארעמט מיט סאציאלע באווע־גונגען. אפען, פראנק, פריי, פרעהליך און לוסטיג.

די רעאקציע שלעפט זיך ארום מיט דעם יחיד, באהאלטען און פארבארגען, פארזארגט און פארצווייפעלט.

די צייט פון רעאקציע איז די צייט ווען דער יחיד שליסט זיך איין אין זיין איינענעם איך, שטעלענדיג זיך העכער פון אלעם און פון אלעמען. עס איז די צייט פון דעם איבער מענש, וועל־כער ווערט, צוליב זיין איינגערעדטע קראפט און אמת'ע מאכט־לאזיגקייט, שנעל דעגענערירט צו דעם אונמענשען.

דער יחיד מיט אלע זיינע איינגערעדטע גרויסקייט, איז באַ־שרענקט, קליין און ענדליך.

דער קוואל, וואס שעפט פון זיך אליין, מוז זיך שנעל אויס־שעפען.

אין זיך אליין קען מען ניט לאנג זיין פארליבט. איינגעשלאָסען אין זיך אליין, דערקענט מען זיך שנעל און מען ווערט זיך פארמיאוסט.

דער רעזולטאט איז פארצווייפלונג. קיין זאך געפעלט ניט, און אויף בעסערס האפען קען מען ניט.

זינט דער יחיד איז דיזען צושטאנד איז דער מיטעל־פונקט פון אלעמען, ווי אזוי קען ער האפען אויף בעסערונג, ווען ער אליין, דער מיטעלפונקט, איז אין פארצווייפלונג? ער ווערט דעמאלט מיסטיש. ער נעמט זיך צו מעטאפיזיק, צו שווארץ קינסטלעריי, אדער ער פארקויפט די נשמה צום טייוועל, ווי פאוסט האט געטאן, אדער ער נעמט קלעטערען צו די וואל־קענס. די וואלקענס ווערען פארשטעלען פון איהם די לויטער־קייט פון הימעל.

אין אזא צייט ווערט די רעליגיאן א קאריקאטור, און עס בליהען, ווי עס איז דער פאל ביי אונז היינט, די ראַביי ווייס׳עס, די מישא אפעלבוים׳ס, די בילי סאנדיי׳ס, די נאכגעמאכטע, לעבערליכע רעפארם טעמפעלס, פינאקעל שפיעל און — טשא־ריטי.

טשאריטי, צדקה, אמאל דער אויסדרוק פון א גוט הארץ, ווערט די אפשפיגלונג פון א בייזען געוויסען. די בעלי צדקה זיינען דאן ניט מעהר ווי די מטה טרעגער אין א מלחמה. זיי קלייבען צונויף די געפאלענע: זיי גיבען ערשט הילף צו די פאר־וואונדעטע און באגראבען די טויטע.

מיט דעם חילוק:

אין א מלחמה ריזיקירען די מטה־טרעגער מיט דעם אייגענעם לעבען, ווערענד די בעלי־צדקה זיינען באשעפטיגט ביי זיך אין דער היים, ארומגערינגעלט מיט חניפה און באשיצט מיט פאלשען כבוד, אז קיין קויל קען זיי ניט טרעפען.

פעסימיזם, דער באגלייטער פון אן אפשטארבענדע פעריאָדע, רופט דאדורך ארויס די טעטיגקייט פון טשאריטי.

ווען מען רעדט פון פעסימיזם, מוז מען זיין פארזיכטיג דאס ניט צו פארבייטען מיט סקעפטיציזם. אויבערפלעכליך זעהן זיי

ביידע אויס גלייך. אבער דער חילוק איז ווי טאָג און נאַכט. דאָס איז דער חילוק צווישען צווייפלען און פאַרצווייפלען. דער סקעפּטיקער צווייפעלט, דער פּעסימיסט איז פאַרצוויי־פעלט. פון צווייפלען קומט מען אָפט צו קלאַרקייט, פון פאַר־צווייפלען קומט מען געווענליך צו דונקעלהייט. דאָ וואו דער צווייפעל געפינט אן אנהויב פון לעבען, קומט דער פאַרצווייפ־לער צו דעם סוף פון לעבען. דער סקעפּטיציזם איז דער היס־טאָריע איז אַלע מאָל געשטאַנען ביי דער וויעג פון א נייגעבוי־רענער פּעריאָדע, דער פּעסימיזם — ביים קבר פון אן אפּגע־שטאָרבענער פּעריאָדע.

מאַנכער גוטהערציגער מענש וועט אפשר האָבען אויסצו־זעצען, פאַר וואָס איך רעכען צדקה־געבעריי צווישען די סימנים פון אן אפּגעשטאָרבענער פּעריאָדע און רעאַקציע. דיזער גוט־הארציגער מענש וועט ניט זעהן איז וואָסער שייכות עס שטעהן מיסטיציזם, לעבערליכע רעפאָרם־רעליגיעס, קאָרטען שפּיעל און משאַריטי.

קיין דירעקטע שייכות האָבען זיי ניט. זיי קומען ניט ארויס איינס פון ס'אַנדערע, זיי ווערען נאָר ארויסגערופען פון דיזעל־בע צושטאַנדען וואָס ווירקען אויף פאַרשיידענע מענשען פאַר־שיידען. נאַטירליך זיינען אויך היינט דאָ גוטע מענשען, וואָס מיינען ערנסט, אז זיי טוען פיל גוטס. אבער דאָס גופא פאַר־שטאַרקערט די מיינונג.

עס איז מיין איבערצייגונג, אז צדקה־געבעריי, ווי עס ווערט פּראַקטיצירט היינט צו טאָג, איז ניט מעהר ווי די טעטיגקייט פון דעם אונרוהיגען, איינזאַמען, אונצופרידענעם, ענטוישטען, מיט זיך אליין קעמפּענדען יחיד, אין וועמעס געוויסען עס שלאָגט נאָך אן אדער פון לעבען, און וואָס זוכט זיך צו ראַ־טעווען פון אונטערגאַנג, און וועלכען עס פעלט געזונטע און נאָרמאַלע עפענטליכע אַקטיוויטעט.

אב. קאַהאַן'ס העלד, דוד לעווינסקי, באַלאַנגט צו דיזען טיפּ. אבער דוד לעווינסקי איז ניט פאַלשטענדיג. ער שטעהט אויף דעם נידריגסטען שטאַפּעל. דער פאַלקאָמענער טיפּ, דאָס איז דער פּראָפעסיאָנעלער בעל־צדקה, דער גרויסער מיליאָנער, וועל־כער מאַכט צדקה געבעריי כמעט פאַר זיין געשעפט. וועלכער

רוהט ניט און ראסט ניט, ווארפט זיך פון איין אינסטיטוציע צו דער אנדערער, איז פול אומעטום, וויל ראטעווען די גאַנצע מענשהייט און קען זיך ניט ספּראַווען צו פאַרטיילען אפילו אַ העלפט פון זיין "איינקונפט, ווי מיר זעהען דאָ אין די פּערזאָנען פון איניגע גוט באַקאַנטע בעלי צדקות, אַרונטער צו דוד לע־ווינסקי.

ווע עס וואָלט מעגליך געווען צו עקזאַמינירען די באַהאַלטענע ספּרוזשינעס, וואָס פאַראורזאַכען די נערוועזע און האַסטיגע טעטיגקייט, וועט מען זי אימער געפינען, איז דעם בין איך איבערצייגט, אין דעם אונרוהיגען און איינזאַמען געוויסען פון די מענשען, וועלכע זיינען דורך פאַרשידענע אומשטענדען, סאָ־ציאַלע אומשטענדען, אַראָפּגעפיהרט געוואָרען פון זייער נאַ־טירליכען ענטוויקלונגס־גאַנג, וועלכע זיינען אָבער ניט צו־פרידען מיט זייער אויסערליכען ערפאָלג, און זוכען צו פאַרזיסען די ביטערע פילען מיט אַ ארבייט וואָס מאַכט, דאַכט זיך, לייכ־טער דאָס לעבען פון די אָרימע, וואָס פאַרגרינגערט אין אמת'ן דאָס איינענע שווער געוואָרענע לעבען.

דאָס געבען פון צדקה האָט אַלע מאָל געהאַט אַגרויסען, גרויסען ווערט — פאַר די געבער.

צי האָט עס אויך געהאָלפען דעם נעמער — דאָס איז אַ גרויסע פראַגע.

דאָס שיינט מיר, איז דער אמת'ער זין פון דעם פּסוק: צדקה תציל ממות! צדקה ראַטעוועט דאָס לעבען — פון דעם געבער.

די גרויסע אָרגאַניזירטע טשאַריטיס ,די טשאַריטיס, וואָס זיינען געבויט אויף דעמזעלבען פּרינציפּ ווי דער טראַסט, דער הויפּט פאַראורזאַכער פון טשאַריטי; די טשאַריטי, וואָס האָט אָפּגעשאַפט די פּערזענליכע באַציהונג צווישען דעם געבער און דעם נעמער, וואָס האָט געמאַכט צדקה־געבעריי אַ טייל פון נויט־ווענדיגע געשעפטס הוצאות, וועלכע ווערען פאַרשריבען אין די געשעפטס־ביכער אין דעם קאָלומן פון פּראָפּיט און פאַרלוסט — די טשאַריטי איז אַזוי אָרום פון איין זייט, דער אויסדרוק פון אַ געזעלשאַפטליכען צושטאַנד, וואָס קען ניט שטעהן אויף די איינענע פיס, וואָס נויטיגט זיך אין אונטערשטיצונג, און פון

דער צווייטער זייט, דער אויסדרוק פון דעם אינערליכען גע־
פיל פון דעם יחיד, וואס דענקט אז ער איז דער מיטעלפונקט
פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען. וועלכער איז צו דערזעלבער
צייט אונצופרידען מיט דיזען צושטאנד, דער מיטעלפונקט פון
וועלכען ער איז, ענטווישט מיט זיך אליין. פארצווייפעלט מיט
זיין אויבערפלעכליכען ערפאלג און אומרוהיג אין זיין געוויסען.

פעסימיזם, דער צווילינגס־ברודער פון רעאקציע און דער
הויפט סימן פון אן אפשטארבענדער פעריאדע, געפינט זיין
אויסדרוק, אויף פארשיידענע וועגען ביי די פארשיידינע קלא־
סען. ביי דער ארעמער אינטעליגענץ פארוואנדעלט ער זיך אין
א מיסטיציזם, אין א גאט־זוכעניש, דארט וואו מען קען איהם
ניט געפינען, פארשטעלט פון די וואלקענס צו וועלכע זיי קלע־
טערען. דער רעזולטאט איז אן אונמענשליכע, פארשטעלטע,
דעקאדענטע, מיסטיש־פערזענליכע, אפט צינישע ליטעראטור.
ביי די רייכע, הויפטזעכליך די גאנץ רייכע, דריקט ער זיך אויס
אין א רעפארם־רעליגיע און צדקה־געבעריי, א זוכעניש צו העל־
פען די געזעלשאפט אויף אן אונמעגליכען און אונמענשליכען
וועג, און דאביי צו ראטעווען די איינענע נשמה. ביי דעם מיטעל־
קלאס, דער קלאס, וואס שטעהט צווישען דיביידע, דער קלאס
וואס איז ניט אהין און ניט אהער, וואס האט קיין איינענע גע־
דאנקען, וואס ווארפט זיך פון איינעם צום אנדערן, נעמט ער אן
אדער איינע פון די זאכען, אדער אלע צוזאמען און לענט נאך צו
דעם קארטען־שפיעל. דאס שפיעלען אין קארטען איז געווארען
דער הויפטזעכליכער צייט־פארטרייב ביי דעם קלאס, וויל דאס
איז די איינציגע פארמע פון געזעליגען און געזעלשאפטליכען לע־
בען וואס דער קלאס האט. אהן דעם קארטען שפיעל וויים דער
קלאס ניט וואס צו טון מיט זיך אין געזעלשאפטליכען פאר־
קעהר.

מיסטיציזם, צדקה־געבעריי, קארטען שפיעלען און רעפארם
טעמפעלס, ווייט ווי זיי זיינען איינס פון דאס אנדערע, זיינען
זיי צו דערזעלבער צייט די סימפטאמען פון איין און די זעלבע
חולאת — די רעאקציע.

דאס, אין קורצען, איז מיין דעפיניציע פן פראגרעס און רע־
אקציע. אויף וויפיל דאס שטימט מיט דעם אמת, לאז איך צום

לעזער צו אורטיילען. מיין אויפגאבע דא איז צו אונטערזוכען דאס היינטיגע לעבען פון די אידען אין אמעריקא, און צו זעהן אויף וויפיל עס שטימט מיט דיזע אלגעמיינע געדאנקען; פאר־וואס איך באטראכט די היינטיגע פעריאדע פאר א רעאקציאָ־נערע, און פאר וואס דוקא איך הויב אן מיט דעם יאָהר 1905, הגם די צייט האט זיך אין אמת'ן אנגעהויבען פיל פריהער.

3

אין אן ארטיקעל אין „פנקס“, וואס איז ערשינען אין ווילנא אין דעם יאָהר 1913, אונטער דער רעדאקציע פון ש. ניגער, (* האָב איך געזוכט פעסטצושטעלען דעם פאקט, אז די ערשטע פע־ריאדע פון די אידען אין אמעריקא, איז געווען א פעריאָדע פון איין לאנגעס שטרעבען פארווערטס, אין דעם זינען פון די אויבינע דעפיניציע פון פראגרעס. דאס איז געווען נאטירליך פאר יענער צייט. דאס איז שוין געלעגען אין דעם מענשען־מאטעריאל פון וועלכען עס זיינען באשטאנען די ערשטע אימיגראנטען.

דאס מענשען מאטעריאל, וואס האט צום ערשטען אויסגע־וואנדערט פון רוסלאנד און אנדערשוואו, איז געווען א גאנץ אנדערעס ווי דאס מאטעריאל, וואס האט שפעטער איינגעוואנ־דערט קיין אמעריקא.

די איינגעפונדעוועטע, איינגעזעסענע, גאטספארכטיגע בא־לעבאטים, אפילו די ארימע צווישען זיי, זיינען אין יענע צייי־טען קיין אמעריקא ניט געפאָרען. געפאָרען איז דאס יונגוואָרג, דאס אונפאראנטווארטליכע, זארגלאזע, גאטלאזע, פרייע, שטרע־בענדע און געוויסערמאסען אוואנטיוריסטישע יונגוואָרג. דאס יונגוואָרג וואס איז אימער באריים אויפצונעמען נייע אידעען, וואס האט שוין פון פריהער געהאט אראפגעווארפען דעם עול פון פאנאטיזם. מען דארף ניט פארגעסען מיט וואסער אויגען די פוילישע, ליטווישע און גאליציאנער אידען האבען דעמאלט געקוקט אויף דעם גאטלאזען אמעריקא. דער אקט פון פארען קיין אמעריקא איז אין זיך אליין שוין באטראכט געווארען פאר אן אראפגאנג פון גלייכען וועג. דער עלטערער דור, די עלטערן

*) זעה דאָס אַרטיקעל: „צוקונפט“ אין דיזען באַנד.

פון די אימיגראנטען, האבען געגעבען זייער צושטימונג צום וועקגעפארען אויס ביטערע נוים, מיט קרעכצען, מיט טרערען, אפט מיט רייסען קריעה.

פאר דיזע ערשטע אימיגראנטען איז געווען נאטירליך זיי זאלען ווערען סאציאליסטיש.

די איינציגע מעגליכקייט פאר עקזיסטענץ, וואס זיי האבען געפונען אין דיזען לאנד, איז געווען די פאבריק־ארבייט. קומענדיג צום ערשטען מאל אין לעבען פנים אל פנים מיט דעם ריינסטען קאפיטאליזם, אדער ריכטיגער, מיט דעם אפפאל פון דעם ריינסטען קאפיטאליזם — די שוויץ סיסטעם, איז געווען ניט מעהר ווי נאטירליך, זיי זאלען זוכען אן ערלעזונג אין סאציאליזם, ספעציעל ווען דער סאציאליזם, מיט זיין אידעאל פון אינטערנאציאנאליזם, ווי ער איז דעמאלט געפרעדיגט געווארען, האט אנגעוויזען אויף די איינציגע מעגליכע רפואה צו אנ'אנדער גרויסער מכה — די מכה פון אנטיסעמיטיזם.

מיט דער צייט האט זיך דאס געענדערט.

די גרינע האבען זיך אויסגעגרינט. פילע האבען זיך ארויפגעארביים.

אויך דאס איז געווען נאטירליך, עס איז געווען אומעגליך, אז אלע די הונדערטע טויזענדע אידען, וועלכע זיינען ביז דאמאלט קיין ארבייטער ניט געווען, זאלען אויף באשטענדיג בלייבען ביי דער נאדעל אדער דעם פרעס אייזען.

דאס שוויץ סיסטעם גופא איז געווען אזא וואס האט עס געמאכט לייכט פאר די געשייטע, די פריהער אנגעקומענע, זיך ארויפצוארבייטען אויף דעם חשבון פון די שפעטערע אימיגראנטען. דער אומשטאנד, וואס די נאדעל אינדוסטריע איז אין געוויסע באציהונגען געווען א נייע אינדוסטריע און ווענינ אנטוויקעלט, האט ניט אין ערד פארגרעסערט די מעגליכקייט פאר פילע שנעל רייך צו ווערען.

אב. קאהאן'ס דוד לעווינסקי איז געווען עלענד ווי א שטיין, ניט נאר אין אמעריקא, נאר אויך אין דערהיים. ער איז געווען א בן־יחיד א יתום, ארעם, עלענד, פארלאזען, אהן וועלכע עס איז צוגעהעריגע. אין אמעריקא איז ער געווען אזוי פארטאן מיט

נעלד מאכען, אז ער האט אפילו קיין ציים נים געהאט חתונה צו האבען.

מים די אנדערע, מים די גרויסע מאסען פון אימיגראנטען, איז עס אנדערש צוגעגאנגען.

אזוי שנעל ווי מען האט זיך גענומען ארויפארבייטען, האט מען אנגעהויבען אריבער צו נעמען די עלטערען, מיט די איבריגע קינדער, מיט אנדערע פון דער משפחה. אייניגע, גלויבענדיג אז אין אמעריקא קען מען נים געפינען קיין רעכט מיידעל, האבען זיך אימפארטירט כלות פון דער היים, אדער אויסגעשריבען זייערע געליעבטע, וועלכע האבען אויף זיי געווארט. די כלות האבען דאן אריבערגענומען זייערע עלטערען מיט די איבריגע קינדער.

אזוי ארום איז דא מים אמאל אויפגעוואקסען אן אלטער דור, א דור, וואס האט געהאט זיינע ווארצלען אין דער אלטער היים, וואס איז איבערפלאנצט געווארען פון אן׳אנדער באדען. א שווערע, קאנסערוואטיווע משא האט זיך מיט אמאל ארויפגעלעגט אויף דעם דור, וואס איז ערשט נעכטען געווען אזוי פראגרעסיוו.

דער אלטער דור איז אין אנהויב נים געווען אגרעסיוו. ער האט זיך געהאלטען, אזוי צו זאגען, אין דער מדרגה. ער איז מייסטענס געווען אפהענגיג פון די קינדער. ער האט פארלוירען די פריהעריגע מאכט, און ער האט זיך באגנינגעט מים באוויינען אמעריקא און דאס אייגענע מזל.

געווירקט האט דער דור פונדעסטוועגען זעהר שטארק. ער האט געווירקט מיט זיין אינערציע. די שווערקייט אליין, ווי יעדע שווערע משא, האט זיך געלאזט פילען. דאס ראפידע לויפען פון דעם יונגען דור איז אפגעהאלטען געווארען פון דער משא, וואס ער האט געהאט צו שלעפען מיט זיך.

ביסלעכווייז איז אויך דער דור געקומען צו זיך. ער האט זיך איינגעזעסען און האט אנגעהויבען פאדערען זיינע רעכטע. פריהער מיט בקשות, און נאכדעם שטרענגער און שטרענגער. „ווען מיר פארווערען אייך נים צו געהן שבת אין פאבריק אדער אין געשעפט, פאר וואס זאלט איהר אונז שטערען צו געהן אין שול ? " האט דער אלטער דור גע׳טענה׳עט.

דאָס איז ניט קיין אויסגעקלערטע זאַך. רעוורענד ה. מאַס־ליאַנסקי, דאָס מונד־שטיק פון דעם אַלטען דור, האָט מיט יאָה־רען צוריק ווירקליך פּאַרעפּענטליכט אַ ארטיקעל, וואו ער האָט אויפגעפאָדערט דעם יונגען דור ניט צו שטערען דעם אַלטען דור פון צו געהן אין שול אריין: מיר האָבען צו אייך ניט, ווען איהר געהט אין געשעפט שבת, אויף דעם איז דאָך דאָס אַמעריקאַ, אַזוי האָט רעוו. מאַסליאַנסקי גע׳טענה׳ט, פאַרוואָס זשע שטערט איהר אונז, ווען מיר ווילען געהן אין שול?

די טענה איז געווען אַ גערעכטע, אַ לאָגישע און אַ נאַטירליכע. עס איז דאַדורך קיינעם ניט איינגעפאַלען צו שטערען דעם אַלטען דור צו לעבען אויף זיין איינענעם שטייגער. עס וואָלט אויך ניט געהאָלפען, ווען עמיצער וואָלט געווען נאַריש צו וועלען טון אַזאַ זאַך. און עס האָבען זיך גענומען פאַרמירען די שולען, בתי מדרשים, חסידים־שטיבלעך און די מקואות. אין אַ משך פון אַ קורצע צייט איז איבערגעפּעקעלט געוואָרען דאָס גאַנצע אַלט מאַדישע און פאַרשימעלטע לעבען פון דער היים. עס פעלען אפילו ניט דאָס היימישע חדר און דער חסידישער רבי מיט זיינע סגולות, הגם אָהן מופתים.

דאָס אַליין איז סוף כל סוף ניט אַזוי שלעכט. דאָס אַלטע אידישע לעבען, ווען עס איז עכט, ערנסט, אָהן אויבער המצאות און אָהן הינטערשפּיצלאַך, האָט אין זיך אַ סך שענע זייטען. אַ קאַריקאַטור, אַ חוזק איז פון דעם אַלעם געוואָרען, ווען דער יונגער דור, דער פריהער אריבערגעקומענער דור, דער דור, וואָס איז דערוויילע געוואָרען רייך, וואָס איז געוואָרען אַ „אַלרייטניק" און האָט מיט דער צייט געהאַט אייגענע קינדער — ווען דער דור האָט דערפילט, אַז ער מוז אָנהויבען צו סטאַטקעווען.

די טאַטעס פון איין זייט און די קינדער פון דער אַנדערער זייט, האָבען אַרונטערגעוואָרפען דעם ערשטען דור אין דעם אָפּגרונד וואו ער ליגט איצט.

ווען דער אַלטער דור, די טאַטעס פון די אימיגראַנטען, האָבען געמאַכט שווער דאָס פאַרווערטס־געהן, האָט דער יונגער דור די קינדער פון די אימיגראַנטען, זיי מיט געוואָלט געטריבען ריקווערטס.

די היגע געבוירענע קינדער פון די אויפגעקומענע, פון די

האָבע און גאַנצע „אַלרייטניקעס“, זיינען אויפגעהאָרעוועט גע־
וואָרען אין אַ גאַנץ נייע סביבה. ביי זייערע עלטערען איז נאָך
ווי עס איז פאַרבליבען אַ שמץ פון אידעאַלען. סיי עס איז געווען
די יוגענד עראינערונג פון דער רעליגיעזער אַטמאָספערע אין
דער אַלטער היים; סיי עס איז געווען די זכרונות פון דעם קאַמף
וואָס זיי האָבען דורכגעמאַכט אין דער היים געגען דעם רעלי־
גיעזען דרוק; סיי עס איז געווען די נייע אידעאַלען צו וועלכע
זיי האָבען געשטרעבט איידער זיי האָבען זיך אַרויפגעאַרבייט
— אַזוי צו אַזויי, עטוואָס איז פאַרבליבען פון דער אַמאָליגער
גייסטיגער פּיזיאָנאָמיע. אַמאָל, ווען קיינער האָט געזעהן, אין
דער שטיל, פאַר זיך אַליין, האָבען זיי אַ טראַכט געטאָן וועגען
דער נשמה, און ניט איינער פון זיי האָט געזינדיגט אין גע־
דאַנקען, טראַכטענדיג, אַז דעמאָלט האָט זיך געלעבט בעסער.
מען האָט טאַקע געהאַט ווייניגער געלט, אָבער אויף דער נשמה
איז געווען לייכטער. דאָס האַרץ האָט געאָטעמט פרייער, די
האָפנונגען האָבען געשלאָגען העכער און אין גאַנצען איז מען
געווען מענשליכער.

ביי די קינדער האָט דאָס אַלץ געפעלט.

קיין קאַמף און קיין שטרעבען. קיין רעליגיעזער לאַסט און
קיין עקאָנאָמישער דרוק!

זיי זיינען געקומען צו אַלעם גרייטען. די טאַטעס האָבען
פאַר זיי געוואונען דעם קאַמף, נאָך איידער זיי זיינען געבוירען
געוואָרען.

די טאַטעס זיינען געווען באַשעפטיגט מיט מאַכען געלט,
די קינדער האָבען זיך געהאָרעוועט אין גאַס, אויפ'ן בעסטען
אופן אין די הויך־שולען אָדער קאַלעדזשעס, וואו אַטלעטיקס
האָבען פאַרנומען דעם הויפּט פּלאַץ.

ווען די יונגע לייט זיינען נאָכהער געקומען צום טאַטען אין
געשעפט, אָדער האָבען זיך גענומען צו די פּראָפעסיעס, האָבען
זיי זיך ווידער געפונען אין אַן אַטמאָספערע, וואו געלט־מאַכעריי
און ציניש״ע וויצען באַפרידיגען די מאַטעריעלע ווי די גייסטיגע
באַדירפניסען.

עס איז אַזוי אַרום אויפגעוואַקסען אַ דור, וואָס ווייס ניט
פון עטוואָס הייליגעס, וואָס האָט קיין אידעאַלע שטרעבונגען,

וואס ווייס ניט פון קעמפען, וואס האט אפילו ניט דורכגעמאכט די יסורים און די ערנידריגונגען, וועלכע פאלען געוויינליך אויף דעם גורל פון דעם מענשען וואס ארבייט זיך ארויף; א דור, וואס איז צופרידען מיט זיך און מיט דער גאנצער וועלט; א דור, וועמעס איינציגע שטרעבען איז צו מאכען און — צו פאר־שווענדען געלט.

די פאליטישע צושטענדע אין אמעריקא, די קארופטע פאר־טיי־פאליטיק, און די מעגליכקייט וואס זי אפערירט צו אמערי־קאניזירטע יונגע לייט אהן פרינציפ, האבען דיזען צושטאנד פילפאך פארערגערט.

— אבער דאס איז ניט אלץ.

דער אידישער קאפיטאליסט איז אלע לענדער איז אן אויפ־געקומענער גביר. צום טראץ פון דער נייער דייטשער לעהרע, אז די אידען זיינען כמעט די באשאפער פון דעם קאפיטאליזם, איז די גרויסע, אונגעהייער גרויסע צאל אידען אין דער גאנ־צער וועלט אימער געווען און איז נאך היינט זעהר ארעם. עס איז מעהר אמת צו זאגען, אז דאס גאנצע אידישע פאלק איז א פראלעטאריער פאלק. רייכע אידען זיינען אלע כאל געווען נאר געציילטע. אידען קאפיטאליסטען אין דעם מאדערנעם זין, האַ־בען זיך באוויזען אויף דער סצענע גאנץ שפעט. דאס איז נאך מעהר אמת, און אויך נאטירליך, פאר אמעריקא. אידישע קאַ־פיטאליסטען אין אמעריקא, די שיף׳ס און די נוגענהיימער׳ס אריינגערעכענט, זיינען דאס געווארען זינט נעכטען. אזוי צו זאגען, זיי זיינען אויפגעוואקסען אונטער אונזערע אויגען.

אויפגעקומענע גבירים האבען צו ליידען פון פארשיידענע זייטען. ניט נאר ליידעט דער אויפגעקומענער גביר פון דעם וואס די עלטערע, די מעהר איינגעזעסענע, די פריהער רייך־גע־ווארענע ווילען איהם ניט אנערקענען. ער ליידעט נאך מעהר פון דעם, וואס די ארימע קרובים ווילען ניט פארגעסען אז איהם. די ארימע שוועסטער און ברידער און אנדערע קרובים האלטען זיך אז איהם פעסט. ער קען זיך פון זיי ניט אפרייסען. ער מעג זיין ווי רייך, זיין סביבה איז אז ארימע. ער מוז זיך מישען מיט זיינע קרובים. צו דער זעלבער צייט קען ער מיט זיי ניט לעבען. זיין לעבען איז איצט אנדערש, ער וואוינט אין אַן׳אנדער גע־

גענד, ער רעדט אַנ'אַנדער שפּראַך, ער טראָגט אַנדערע קליידער. אין די אַלע יאָהרען, וואָס ער איז געווען פאַרהאָוועט צו מאַכען געלט, האָט ער זיך אויסגעטאָן פון אַלעמען. געלט איז געווען זיין גאָט און זיין רעליגיע, פון זיינע קרובים האָט ער זיך דערווייטערט, זיינע קינדער האָבען זיך פון איהם דערווייטערט. די אַלטע פריינד דערקענט ער ניט, די נייע פריינד ווילען איהם ניט קענען. איצט, ווען ער איז עלטער, ווען ער איז רייך, ווען ער קען שוין מעהר ניט האָווען און האָט ניט קיין כוח נאָכצוגעהן וועלטליכע תענוגים — אַ זאַך, וואָס ער האָט אויך אין זיינע יונגערע יאָהרען פאַרנאַכלעסיגט — איצט נעמט ער זיך רייבען די אויגען. ער געפינט זיך איינזאַם און פאַרלאָזען, אָהן ווייסען און אָן געוויסען. גאָט האָט ער שוין לאַנג פאַרלוירען, און ער פעלט איהם אויך ניט. ער זוכט איהם ניט, ניט אין הימעל און ניט אין די וואָלקענס; צו געבען צדקה מיט אַ ברייטער האַנט, ווי עס טוט דער עלטערער און דער גרעסערער גביר — צו דעם האָט ער זיך נאָך ניט אַרויפגעאַרבייט, אָדער דער ביימעל דערלאָזט ניט, אָדער די האַרץ דערלאָזט ניט. דער רעזולטאַט איז אַ פּוסטקייט, אַ לאַנגווייליגען זיך, אַן אַלגעמיינעם געגעצען. קיין שטרעבען, קיין זוכען, קיין האָפען. דאָס האַרץ איז פּוסט, דער קאָפּ איז לעהר, די צייט איז לאַנג. עס איז נאָר פאַרבליבען אַן אונבאַשטימטעס בענקען, אַן עראינערונג אַן אַ צייט, ווען אַלע איז געווען פול מיט חלומות, מיט שטרעבען, מיט האָפנונג, הגם עס האָט געפעלט די קאָנטעמענט.

דיזער חלל מוז אויסגעפילט ווערען.

קאָרטען שפּיעלען מיט אַנדערע, וועלכע געפינען זיך אין דעמזעלבען צושטאַנד, און שעהן קלינגענדע רעדעס פון לייזיגע ראַביים און רעפאָרמירטע טעמפּלען־רעדעס, ראַביים און טעמפּלען, וואָס פאַרפליכטען קיינעם ניט צו קיין זאַך — זיינען דאָס בעסטע מיטעל אויסצופילען דיזע הוילקייט.

דערפאַר שפּיעלט יעדעס הויז אין קאָרטען, און כמעט יעדע אידישע גאַס אין די רייכע געגענדען האָט אַ רעפאָרם־טעמפּעל. און כדי דאָס זאָל ניט פאַרמיאוסט ווערען, זיינען דאָ די „באַוועגונגען“, אַי דער אַלגעמיינער ציוניזם, וואו מען קען זיך אויסקויפען פון דעם אונ'ברחמנות'דיגען געוויסען מיט אַ שקל,

אי די טשארימים, וועלכע ניבען דאס רעכט אַרויסצוטרייבען יעדען אַרימאַן פון הויז.

אין איין פונקט באַגעגענט זיך דער אידישער גרויסער גביר מיט דעם איד פון דעם מיטעלקלאַס, מיט דעם אַלריטניק. —

פונקט ווי מיט דעם מיטעל קלאַס מענשען, פעהלט אויך דעם אידישען „מאַגנאַט" אַ גייסטיגע סביבה. דער ניט אידישער באַנקיר מאַכט מיט איהם געשעפטען, באַרגט פון איהם און לייהט איהם געלט, קוגעל עסען וויל ער מיט איהם ניט. עס איז ניט ווי שיילאָק באַהויפּטעט, אַז ער וועט טוען געשעפטען מיט דעם קריסט נאָר עסען צוזאַמען מיט איהם וועט ער ניט. עס איז פונקט פאַרקערט, די מאָדערנע „שיילאָקס" זיינען שוין גאָר צופרידען צו עסען מיט די אַנטאַניאָס. עס זיינען די אַנטאַניאָס, וואָס לאָזען דעם אידען ניט אויף זייער שוועל. פונקט ווי דער אַלריטניק מוז זיך צוזאַמענקומען מיט זיינע אַרימע קרובים, מוז דער גרויסער גביר זיך באַגעגענען מיט זיינע אַרימע אידען. די אידישע פּראָלעטאַריער. אָהן זיי קען ער ניט לעבען. ער מוז זיך מישען מיט דעם אידישען אַרימאַן, ער מוז האָבען וועמען צו געבען צדקה. זיין גאַנצע עפענטליכע עקזיסטענץ, זיין פּאָליטישער איינפלוס איז אָפּהענגיג פון דעם. מיר זעהן דאַרום די קלאָסענגבאַוואוסטע אידישע מיליאָנערען זיך מישען אין סטרייקס פון אידישע אַרבייטער געגען אידישע קאַפּיטאַליסטען, העלפען סטרייקערס מיט טויזענדער דאָלאַרס, און זוכען צו פּאַראַינטערעסירען די אידישע אַרבייטער אין אַנדערע אונטערנעמונגען.

אין דיזער אַרבייט איז דער מיטעל קלאַס אַ נוצליכער פאַקטאָר. „ברב עם הדרת מלך". אום אַזאַ אַרבייט זאָל האָבען דעם געוווּנשטען ערפאָלג, מוז מען האָבען אַ פּובליקום, וואָס זאָל אַלע מאָל שטעהן גרייט אַנצופילען אַ גרויסען באַנקעט האָל. דער מיטעל קלאַס, וועלכער האָפט און שטרעבט צו קומען נענטער צו די גבירים, שטעהט אַלע מאָל גרייט צו טון דיענסט. דאָס אינטערעסאַנטע דאַביי איז, —און דאָס איז אַן'אַנדער סימן פון דעם רעאַקציאָנערען ווינד, וואָס בלאָזט פון אַלע רעדנער — דאָס אינטערעסאַנטע איז, וואָס אויך די אידישע אַרבייטער שטאָלצירען מיט אָט דיזע רייכע „קרובים", פונקט ווי זיי שטאָלצירען מיט זייערע קרובים, די אַלריטניקעס. דאָס ווייזט זיך

אם בעסטען ארוים אין די ארבייט פון „די פיפּעלס רעליף קאָמיטע“, די ארגאניזאציאָן, וואס זאמעלט געלט פאר די מלחמה קרבנות אין איראָפּאַ. פון איין זייט זוכען די גרויסע מיליאָנערען צו זאמלען געלדער פון די אידישע ארבייטער, הגם יעדער איינער פון זיי קען געבען מעהר ווי הונדערט ארבייטער קענען געבען, פון דער צווייטער זייט, רייסען זיך די אידישע ארבייטער־פיהרער דוקא צו שיקען די געזאמעלטע געלדער צו די גרויסע גבירים, הגם זיי ווייסען גאנץ גענוי, אז די געלדער וואס „די פיפּעלס רעליעף קאמיטע“ זאמעלט קומען אריין אין דערזועלבער קאסע, און זיינען פונקט אזוי זיכער.

אבער דאָס איז אנ׳אנדער קאפּיטעל. דאָ רעדען מיר פון דעם אידישען באַלעבאָס, דעם אידישען אַלרייטניק, און דעם אידישען גביר. דיזע דריי גרופּען צוזאמען מאכען אויס א גרויסען טייל פון אונזער אידישע באפעלקערונג אין דיזען לאַנד.

4

ניט אַלע אידען האבען זיך ארויפגעארבייט פון דער אינדוסטריע אדער האנדעל. ניט אַלע זיינען געווארען קאפּיטאַליסטען, אדער האַלב קאפּיטאַליסטען, און ניט אַלע זיינען געווארען נאדעל־ארבייטער. צווישען די דערמאנטע גרופּען שטעהט אנ׳אנדער גרופּע, וועלכע פארנעמט א געוויסען פּלאַץ אין אונזער עפענטליכען לעבען; א גרופּע, וועלכע איז פינאנציעל זעהר גוט געשטעלט, און וועלכע האט ניט ווייניג צוגעהאָלפען צו פעדערען דעם רעאקציאָנערען גייסט וואס הערשט ביי אונז.

דאָס איז די זאגענאנטע אינטעליגענציע.

דער אימיגראַציאָנס־שטראָם האט פארשלעפּט צו די ברעגען פון דיזען לאַנד א גרויסען צאָל אינטעליגענטע אידישע יונגע לייט מיט אַן אנהויב פון בילדונג, און נאך א גרעסערע צאָל מיט א שטרעבונג צו בילדונג.

דער אנהויב פון דער עמיגראַציע פון רוסלאנד קיין אמעריקאַ, פאַלט צוזאמען מיט דער מאדערנער השכלה־פּעריאָדע אין רוסלאַנד.

יעדער איינער, וואס איז נאר עטוואס באקאנט מיט יענער אויפוואכונג־פּעריאָדע פון די רוסישע אידען, ווייס, אז דער עצם

פון יענע עפּאָכע איז באַשטאַנען ניט אַזוי פיל אין בילדונג, ווי אין אַ זוכעניש פון בילדונג. אָבער דאָס איז געווען אַ זוכען אין דער פינסטער. עס איז געווען פּונקט ווי ווען מען לאָזט אַריין אַ צאָל מענשען אין אַן ענגען, פינסטערען צימער מיט די טיר און פענסטער פאַרהאַקט, נאָר מיט קליינע שפּאַרעס, דורך וועלכע אַ שטראַל פון דער זון גנב'עט זיך פון צייט צו צייט אַריין. אַלע רייסען זיך צו דער ליכטיגער וועלט דורך די שפּאַרעס, אָבער זיי קענען דעם אויסגאַנג ניט געפינען. דורך לאַנגע מאַ־טערניש געלינגט עס אייניגע ווי עס איז זיך אַרויסצוכאַפּען, די גרעסטע צאָל אָבער האַלט אין איין טאַפּען, אין איין רייסען זיך פון איין עק צום אַנדערען און קען זיך ניט אַרויסרייסען.

פון דער גאַנצער השכלה באַוועגונג, איז עס געלונגען נאָר אַ קליינע צאָל זיך צו דערשלאָגען צו אַן אמת'ע בילדונג. די איבעריגע, די גרויסע מאַסע, האָט אָדער נאָר געכאַפּט אַן אַנהויב פון בילדונג, אָדער ניט מעהר ווי די פראַזען וועגען בילדונג. דער איינציגער וועג וואָס איז פאַר זיי געווען אָפען איז געווען די העברעאישע ליטעראַטור, און דיזע איז באַשטאַ־נען מעהרסטענס אָדער פון „מאמרים", פול מיט פראַזען, אין וועלכע דאָס „לשון" איז געווען דער עיקר, אָדער פון שלעכט געשריבענע ראָמאַנען.

דיזע יונגע לייט זיינען געווען פול מיט פייער, פול מיט שטרעבען און באַגייסטערונג צו טון גרויסע זאַכען. די פרייע לופט וואָס זיי האָבען דערשמעקט אין דיזען לאַנד, איז ביי זיי געווען טייערער ווי ביי די איינגעבוירענע אַמעריקאַנער. זיי האָבען בעסער פאַרשטאַנען דעם ווערט פון דיזער פרישער, פרייער לופט, ווייל זיי האָבען איהר פאַרגליכען מיט דעם שטי־קעניש און דריקעניש אין דעם לאַנד, וואָס זיי האָבען נאָר וואָס פאַרלאָזען. דיזע פרייע לופט האָט זיי געקרעפטיגט און צוגעגע־בען נאָך מעהר חשק אויסצופירען די בילדונגס־פּלענער, פון וועלכע זיי האָבען אין דער היים אפילו ניט געקענט טראַכטען. איין קליינינקייט איז געשטאַנען אין וועג. ס'איז ניט געווען קיין ברויט.

מיט 25־30 יאָהר צוריק איז געווען אַנדערש ווי היינט. היינט צו טאָג, מיט דער גרויסער אידישער באַפעלקערונג און

די פילע אידישע צייטונגען; מיט די אידישע טעאטערע; מיט די גרויסע אידישע ארגאניזאציעס, לאדזשען און ארדענס; מיט די פארשיידענע ריין אידישע באוועגונגען, איז עס לייכט פאר א אידישען אינטעליגענט, אפילו פון באשרענקטע בילדונג און מיטעלמעסיגע פעהיגקייט, זיך שנעל צו אקלימאטיזירען און צו מאכען א בכבוד'ען לעבען.

אין די ערשטע יאהרען איז די זאך גאר ניט געווען אזוי לייכט. איבעראל איז געווען א תוהו ובוהו. קיין סימן פון אידישע קולטורעלע ארבייט איז ניט געווען צו געפינען. ווי אמת'ע פיאַ־נערען האבען די ערשטע אינטעליגענטען און האלב אינטעליגענ־טען אליין געמוזט פריהער צופארטיגען זייער בארען, אליין מאַ־כען די אינסטרומענטען, אליין באאקערען דאס פעלד, אליין באשאפען א באדארפנים פאר די פראדוקטען, און אליין, אויף די אייגענע פלייצעס, טראגען זייערע פראדוקטען אויף דעם ליטערארישען מארק, און זעהר אפט, זיי אליין געמוזט צוריק אהיים שלעפען, מחמת עס האבען געפעלט די קונים.

מיט אלע אמעריקאנער גליקען, איז עס פאר דעם סארט יונגע לייט געווען פיל שווערער צו מאכען א לעבען, איידער פאר די אנדערע. דער איינציגער וועג וואס איז פאר זיי גע־ווען אפען איז געווען דער סוועט שאפ, וואוהין זיי זענען געגאנ־גען מחמת אין ברירה.

לאנג זיינען זיי אין די סוועט שאפ ניט געבליבען. פון דער סאציאליסטישער באוועגונג, אז וועלכער זיי האבען זיך אלע אנגעכאפט, וועלכע זיי האבען אייגענטליך באשאפען, האבען זיי זיך שנעל געכאפט צוצופארטיגען צו די קאלערזשעס.

יענע צייטען איז דאס אין אמעריקא געווען פיל לייכטער ווי היינט.

דאס פרייע אמעריקא איז אין דיזען פאל געווען פריי און צולאזען. ניט נאר זיינען דא ניט געווען קיין רעכטס־באשרענ־קונגען, ווי אין רוסלאנד, עס האבען אויך געפעלט די נויטיגע באשרענקונגען. די פאדערונגען פון די קאלערזשעס בנוגע צו איינטריטס־עקזאמענס זיינען געווען אזוי גרינג, אזוי אונבאַ־דייטענד, אז די פראגע פון אריינטרעטען איז אן אוניווערזיטעט

איז מייסטענס געווען א פראגע פון איינטריטס־געלט, און פון פרנסה אין צייט פון שטודיום.

די נעוויסענלאָזע, די שטרעבער, און אזעלכע האבען ניט נע־פעלט, האבען די פראגע פארענטפערט אויף א באוואוסטען, פון לאנג אויסגעפּרובירטען אופן.

פילע עהרליכע, אינטעליגענטע און ארבייטזאמע מיידלאך, וועלכע האבען פאנטאזירט און געחלומ'ט פון א שענעם, אנ־גענעמען און אינטעליגענטען פאמיליען־לעבען, און וועלכע האַ־בען ניט געקענט האפען דאס צו דערגרייכען דורך זייערע איי־גענע ארבייט אין דעם סוועט שאפּ, האבען זיך געלאזט באַ־ווענען אפצוגעבען דעם גרעסטען טייל פון זייערע פארדינסטען צו אט דיזע שטרעבער, און זיי נעהאלפען דערגרייכען דעם ציעל.

פילע פון דיזע פעלע האבען זיך, נאטירליך, געענדיגט מיט א דאקטאר דיפּלאמא פאר דעם שטרעבער, און מיט א טראגעדיע פאר דער מיידעל. אבער דאס געהער ניט צו אונזער טעמא. אויך זיינען די שטרעבער ניט געווען אין דער מערהייט.

די גרויסע מערהייט פון דיזע צוקונפטיגע סטודענטען, האַ־בען געפונען אן ענטפער צו זייער פּראָבלעמע אין דעם צייטונגס־סטענד. דער צייטונגס־סטענד, קען מען זאגען, איז געווען א גרויסער פאקטאר אין דער אנטוויקלונג פון די אידישע פּראָ־פעסיאנאליסטען. פאר עטליכע הונדערט דאלאר, מייסטענס גע־ליהענע פון פריינד, האט מען געקויפט א צייטונגס־סטענד, אדער א צייטונגס־ראוט, וואס האט געפאדערט נאר עטליכע שטונדען ארבייט יעדען פריהמארגען, און האט אריינגעבראכט אן הכנסה פון 10 ביז 15 אדער גאר 20 דאלאר א וואך, א גרויסע סומע פאר יענער צייט און יענע מענשען.

עס האט זיך דאן אנגעהויבען א סדרה פון צופארטיגען צום קאלעדזש. פון די היימישע אינטעליגענטען איז אפגערערט. זיי איז עס געקומען פון דער היים. עס האבען זיך אבער באלד צו דעם געשעפט נעכאפּט אנדערע. פילע וואס האבען קיינמאל ניט געחלומ'ט פון שטודירען, וואס וואלטען געמיינט מען מאכט חוזק פון זיי, ווען מען וואלט זיי זא וואס פארגעשלאגען אין דער אלטער היים; פילע וואס זיינען אפילו ניט באזעסען די אינטעליגענץ אדער די פעהיגקייט, האבען זיך נעכאפּט צום

פארפערט־גען. מאנכע פון זיי האבען אזוי אפגעארבייט יאהרען לאנג, זיך אויסגעקאלופעט די אויגען, און האבען ניט געקענט באמייסטערען דאס ביסעל, וואס האט זיך געפאדערט. די מייס־טע האבען זיך פונדערסטוועגען איספראוועט מיט די 12 אדער 18 אדער 24 „פוינטס“, וואס האט זיך געפאדערט אריינצו־טרעטען אין אן אמעריקאנער קאלעדזש.

צו די קליינע צאל אמת'ע אינטעליגענטען, איז אזוי ארום צוגעקומען א גרויסע צאל אמת'ע עמי הארצים, וועלכע זיינען מיט אמאל, פון העלער הויט, געווארען סטודענטען פון מעדי־צין, דענטיסטרי און אדוואקאטורי. מיט דער צייט האבען זיי אויך באקומען זייערע דיפלאמאס, פארקויפט די צייטונגס־סטענדען און גענומען פראקטיצירען די פראפעסיעס.

מיט דער וואקסענדער אידישער באפעלקערונג, וואס האט זיך געגויטיגט אין דער הילף פון דיזע פראפעסיאנאליסטען, הויפטזעכליך צוליב דעם, ווייל זיי האבען צו זיי געקענט רע־דען אויף דער אייגענער שפראך, און מיט דער הילף פון די אונצעליגע לאנדסלייט פאראיינען, וואס זיינען דא שנעל אויפ־געוואקסען, איז געשאפען געווארען א ברייט פעלד פאר די פרא־פעסיאנאליסטען, און זיי האבען פראספערירט און זיך שנעל ארויפגעארבייט. מען האט געמאכט פיל געלט, געשפעקולירט אין ריעל עסטייט, געליהען געלט אויף מארטגיידזשעס, געקויפט אויטאמאבילס און געשפילט א פינאקעל. אהן פינאקעל גע־הן עס ניט.

דאס אלעס איז זיך געווען גאנץ גוט. אבער די אמאליגע פרינציפען, דער אלטער ליבעראליזם איז געשטאנען ווי א ביין אין האלדז. דער פינאקעל איז ניט באקומען. דאס לייהען געלט אויף הויכע פראצענטען איז ניט איינגעגאנגען. „דאס קאפיטאל“ פון קארל מארקס האט געדריקט ווי א שווערע משא און האט זיך בשום אופן ניט געקענט אויסגלייכען מיט דעם קאפיטאל פון ריעל עסטייט און הויכע פראצענטען.

די גייסטיגע און געזעלשאפטליכע טעטיגקייט איז דער־ווייל פארשוואונדען, די ארבייטער באוועגונג, אדער די סא־ציאליסטישע באוועגונג האט ניט מעהר אינטערעסירט, און קיין אנדערע גייסטיגע אינטערסען זיינען ניט געווען. געהן אין

שול אדער אין טעמפעל האט מען נים געקענט, — אויף דעם איז מען דאך אן אינטעלינענט, הגם איינינע, געצעלטע, האבען אויך דאס געטאן. דערוייל זיינען אונטערגעוואקסען קינדער, און פאר זיי האט מען געהאט נאך ווייניגער ווי פאר זיך. יעדער טאג איז געווען גלייך. שבת ווי זונטאג, זונטאג ווי מאנטאג, קיין יום־טוב, קיין שבת, קיין גייסטיגע אטמאספערע אין הויז. די סיטואציע איז געווען א שווערע. דאס לעבען איז נים געווען ניחא.

די רוסיש רעוואלוציע, וואס האט זיך געענדיגט, אדער ריכטיגער, וואס האט זיך אנגעפאנגען, אין דעם יאהר 1905, האט אריינגעבראכט אן ענדערונג אין דיזע סיטואציע, און האט ארויפגעלעגט איהר שטעמפעל אויף דעם כאראקטער פון אלע טעטיגקייטען פון דיזער גרופע, וועלכע האט מיט זיך מיטגעשלעפט די אנדערע גרופען.

5

אין א געוויסען זין איז נאך צו פריה צו רעדען פון דעם אמעריקאנער יודענטום. עס איז איינענטליך נאך נים דא אזא זאך ווי אן אמעריקאנער יודענטום. עס זיינען נאך דא עלטערע אימיגראנטען און איינגערע אימיגראנטען. אימיגראנטען, וואס האבען זיך שוין ארויפגעארבייט, און אימיגראנטען וואס האבען זיך נאך נים ארויפגעארבייט; אימיגראנטען וואס האפען נאך זיך ארויפצוארבייטען, און אזעלכע וואס האבען די האפנונג שוין אויפגעגעבען.

מיט פערציג יאהר צוריק איז אין דיזען לאנד אודאי געווען נים מעהר ווי טויזענד רוסישע אדער גאליצישע אידען. די ריכטיגע אימיגראציע פון די רוסישע אידען האט זיך אנגעהויבען ערשט אין די אכציגער יאהרען פון דעם לעצטען יאהרהונדערט, און זיי זיינען נים אלע געקומען מיט אמאל. דער עלטסער אימיגראנט שטעקט אזוי ארום נאך גאנץ טיף מיט זיינע ווארצלען אין דער אלטער היים.

דאס אמעריקאנער יודענטום איז ניכער אין א פראצעס פון ווערען. עס מאכט זיך איצט. יעדער נייער שטראם פון אימיגראציע, אויב ער איז נאך שטארק גענוג, מאכט אן איינדרוק

אויף דעם כאראקטער פון דעם אמעריקאנער יודענטום, צום שלעכטען אדער צום גוטען. מיר דא באזיצען דיזעלבע מעלות און דיזעלבע חסרונות, דיזעלבע פעהיגקייט און דיזעלבע אונ־פעהיגקייט, וואס זיי דארטען באזיצען.

דער ערשטער דור פון אימיגראנטען, ווייל ער איז געווען דער דור פון די משכילים אפיקורסים, איז געווען א דור פון פארטשריט און פראגרעס. דיזער פארטשריט איז אפגעהאלטען געווארען פון דער ווייטערער אימיגראציע, ווי מיר האבען גע־זעהן, ווייל די אימיגראנטען זיינען געווען פון אנ'אנדער כא־ראקטער. דער היינטיגער צושטאנד פון רעאקציע, די היינטיגע באוועגונגען און טעטיגקייטען פון די אידען אין אמעריקא, איז צום גרויסען טייל באאיינפלוסט פון דער אימיגראציע, וואס איז אנגעקומען אין דער צייט פון דער רעוואלוציע פון 1905, און נאך איהר.

וואס דאס יודענטום זאל דא ווערען, ווענדט זיך אן דעם, וואס דאס יודענטום דארטען איז.

דאס אמעריקאנער לעבען מיט איהרע פרייע אינסטיטוציעס, מיט איהר ברייטען שנים, מיט איהר אונטערנעמונגס־גייסט, מיט איהר רייכטום, מיט איהר פריגיביגקייט, מיט איהר זארג־לאזיגקייט און אונבאשרענקטע מעגליכקייט, האט נאטירליך אריינגעבראכט אין אונז דא א באוואוסטזיין און א ברייטקייט, וועלכע מיר דארט האבען ענטוועדער ניט פארמאגט, אדער, אויב מיר האבען עס יא פארמאגט, ניט געהאט די מעגליכקייט דאס ארויסצוברייננען מכוח אל הפועל. אויף אזוי פיל זיינען מיר ווירקליך אנדערש ווי אונזערע ברידער דארט. אבער דיזע שטריכען זיינען ביי אונז לעת עתה נאך ניט קיין צווייטע נא־טור. די ווארצלען פון אונזערע טראדיציעס ליגען נאך דערווייל דארט. איז פילע הינזיכטען אונטערשיידען מיר זיך דאדורך וועניג פון זיי. מיט פיל יאהרען שפעטער, אפשר יא, דערווייל — נאך נים.

די לעצטע דערמאנטע אימיגראציע, האט דארום געהאט א גרויסע ווירקונג אויף אונזער גייסטיגען לעבען דא.

אנגעהויבען האט זיך דער פראצעס נאך גוט. עס האבען אנ־געהויבען צו קומען משולחים פון רוסלאנד צו זאמלען געלט

פאר דער רעוואלוציע. דאס איז געוועזן א גוטער איינפאל פון זיי, און א גוטע זאך פאר אונז. עס האט אויפגעוועקט אונזערע אינטעליגענטען פון זייער לעטארגישען שלאף. ווי ווייט איינער זאל ניט האבען געוועזן אוועק פון די אלטע אידעאלען, פאר דער רוסישער רעוואלוציע האט ער אין הארצען אימער באהאלטען א ווארם ווינקעל. א חוץ דעם איז די זאך גופא געוועזן באקוועם. ביז דעמאלט איז פון אלע אמאליגע טעטיניקייט און אידעאלען נאר געבליבען דער ניי־יאהר׳ס באל פון די רוסישע (דאס הייסט די אידישע) סאציאל־דעמאקראטען אלס זכר למיט. דיזער באל איז געווארען דער זאמעלפונקט פון אלע סאציאליסטישע אלרייטניקעס, וואו די דאמען האבען מיט זייערע דימענטען און קליידער געקענט באווייזען די העכערע פעהיגקייטען פון זייערע מענער.

מיט דער צייט זיינען די בעלער געווארען אזוי געפאקט, אז דאס האט זיך קוים מעהר איינגעגעבען. די צייט איז געוועזן ראוי פאר אנ׳אנדער טעטיגקייט פון דעמזעלבען מין.

אונזערע משולחים האבען, זעהר געשיקט, איינגעפיהרט דעם באנקעט אלס מיטעל צו זאמלען געלט. צו א באשטענדיגע אינסטיטוציע פאר פארשיידענע אנדערע צוועקען, האט דער באנקעט זיך אנטוויקעלט ערשט שפעטער. דער אורשפרונג, ווי די פאטערס פון דעם באנקעט האבען איהם פארשטאנען, איז געווען נאר פאר געלט זאמלען. ווער עס האט ניט געהאט קיין געלט איז לכתחילה ניט געווארען געלאדען צו אזא באנקעט, און ווער עס איז געוועזן געלאדען און האט ניט געוואלט געבען, האט געוואוסט אז ער דארף זיצען אין דער היים.

דאס איז געוועזן אנגענעם פאר ביידע צדדים. איין צד האט געקראגען דאס געלד, און דער צווייטער צד האט געקראגען די געלעגענהייט ווידער אמאל צו קומען אין א ווארימע אטמאספערע פון שענע און הויכע אידעאלען און פראזען, און דאביי ניט באדארפען זיך צו קאמפראמיטירען. מען איז ווידער געווארען רעוואלוציאנער — פאר פרעמדע רעוואלוציע; מען איז געווארען ליבעראל אהן וועלכע עס איז מאראלע פליכטען. צו זיין אזא רעוואלוציאנער איז אין יענע צייטען געוועזן ניט געפערליך אפילו אין דער דעמאקראטישער אמעריקא.

צווישען דיזע משולחים איז געווען איינער, וואס האט גע־בראכט נייע געדאנקען פאר דיזער אינטעליגענציע, געדאנקען, וועלכע האבען זיי געגעבען דעם ערשטען באוואוסטזיניגען שטוים צו דער רעאקציע.

די געדאנקען זיינען אין אמת'ען ניט געווען ניי, און דער טרעגער פון דיזע געדאנקען האט זיכער ניט געמיינט צו ברענ־גען די רעזולטאטען, וועלכע ער האט ווירקליך געבראכט. פאר אונזער אינטעליגענץ אבער זיינען זיי געווען שפאגעל ניי און — העכסט ווילקאמען.

איך רייד דא וועגען דר. זשיטלאווסקי.

דר. זשיטלאווסקי איז געקומען אהער זאמלען געלט פאר דער פארטיי סאציאליסטען רעוואלוציאנערען. אבער אזוי ווי קלייבען געלט איז ניט זיין פאך, האט ער זיך גענומען פאר־שפרייטען אידעען.

אנגעהויבען האט דר. זשיטלאווסקי מיט א קריטיק פון דעם מארקסיסטישען געדאנקענגאנג. זיין ערפאלג איז געווען א גוואל־דיגער. איבער נאכט איז ער געווארען בארימט. די אינטעליגענ־ציע האט געהאנגען ארום איהם ווי ביהנען ארום א בינשטאק. זיין רוהם איז געוואקסען פון טאג צו טאג.

וואס איז געווען דער סוף פון דעם אונערהערטען ערפאלג?

זעהר פיל, נאטירליך, דארף מען פארשרייבען אויף דעם חשבון פון דעם זעהר באדייטענעם רעדנער טאלאנט, און הויכע אינטעליגענץ פון דר. זשיטלאווסקי. אבער דאס איז ניט געווען דער עיקר, ווי די שפעטערע ערפארונג האט געלערענט. דער עיקר איז געווען, און דעם סוד האט דר. זשיטלאווסקי שוין אודאי ביז היינט אויסגעפונען, וואס מיט זיין קריטיק האט ער פון זיי אראפגענומען די קייטען פון מארקסיזם. ער האט באפרייט זייער גייסט פון אן עול וואס איז געווען אונערטרעגליך. פון איהם הא־בען זיי זיך דערוואוסט, אז די מאטעריעלע באדינגונגען זיינען ניט דער הויפט פאקטאר אין דער גזעלשאפטליכער אנטוויק־לונג. ער האט זיי דערציילט, אז עס איז די לעבעדיגע, ווירקענ־דע אינטעליגענץ, ניט די טויטע עקאנאמישע אומשטענדען, וואס שפילט דעם ערשטען פידעל אין דעם מענשליכען צו־זאמענלעבען.

א שטיין איז אראפ פון הארץ!

ווי דער בורזשוא איז מאליער'ס קאמעדיע, וואס האט זיך דערוואוסט, אז ער האט דאס גאנצע לעבען גערעדט פראזא, האבען זיי זיך דערוואוסט וואסער גרויסע ראלע זיי שפילען אין לעבען.

די אינטעליגענציע, האבען זיי זיך געטראכט — דאס זיינען דאך מיר!

א שאד, וואס זיי האבען דאס נים פריער געוואוסט, דער פינאקעל וואלט גאר געהאט אנ'אנדער טעם.

נים לאנג האט געדויערט די גדולה פון אונזער פריינד זשיטלאווסקי. אזוי שנעל ווי זיי האבען אויסגעפונען, אז די אינטעליגענץ, וועלכע ער מיינט, איז נים די אינטעליגענץ וואס זיי מיינען, האבען זיי זיך פון איהם אפגעווענדעט. אבער די ארבייט איז געווען געטאן. נים וועלענדיג און נים וויסענדיג, האט ער אראפגעקייקעלט דעם גרויסען שטיין, וואס האט גע־לאסטעט אויף זייער געוויסען.

דערווייל האט די רעוואלוציע זיך געענדיגט מיט א גרויסע ענטוישונג פאר אלעמען. די טעטיגקייט אין רוסלאנד האט זיך איינגעשטעלט. דעם פלאץ פון די פריהערדיגע אידעאלען האט פארנומען דער סאניניזם, די אויסגעלאסענהייט אויף פרינציפ.

ביי אידען האט דער סאניניזם נים געקענט האבען קיין גרויסען אפנאנג. דער טהרת המשפחה געפיל, איז נים נאר א רעזולטאט פון מאראלישע קראפט, ער איז אין א גרויסער מאס אויך דער רעזולטאט פון באשרענקטע פיזישע קראפט. צו זיין אויסגעלאסען דארף מען האבען כוח, און דאס פעלט דעם אידען.

די ענטוישונג, וואס דער אויסגאנג פון דער רעוואלוציע האט מיט זיך געבראכט, האט ביי די אידען געפונען איהר אויסדרוק אין אן אלגעמיינעם פעסימיזם, וואס האט אין פילע פעלע גע־טריבען צו זעלבסטמארד.

פילע פון די, וואס האבען נים געהאט די פיינהייט צו בא־געהן זעלבסטמארד, האבען אויסגעוואנדערט קיין אמעריקא.

דיזע נייע עמיגראציע איז נים מער געווען דאס רוי־מא־טעריאל פאר פארטשריטליכע באוועגונגען, ווי עס איז געווען די ערשטע אידישע אימיגראציע. די נייע אימיגראציע איז געווען,

פונקט פארקערט, פון א סארט וואס האט שוין געהאט דורכגע־
מאכט אלערליי באוועגונגען; וואס איז שוין געוועז אין פייער
און האט זיך אפגעבריט; וואס איז געווען מיד און מאט, ענ־
טוישט און נידערגעשלאגען; וואס איז געווען זאט, איבער זאט
מיט רעוואלוציע; וואס איז געווען גיבער פארטיג, אויף וויפיל
עס איז נאך געבליבען כוחות, צו געהן ריקווערטס.

די אידען פארפאלגונגען אין רוסלאנד זייט דעם יאהר
1905 האט, פון דער אנדערער זייט, אהער געטריבען א שטראם
פון אלערליי אנדערע אידען, וואס זיינען אין דער היים געווען
טעטיג אין נאציאנאלע באוועגונגען.

צו די צוויי גרופען זיינען שנעל צוגעשטאנען די פריהער
כאראקטעריזירטע, ענטוישטע און פילאנטראפיזירענדע אלרייט־
ניקעס, און די פון מארקסיסטישען עול נאר וואס באפרייט גע־
ווארענע אינטעליגענטען. דער נאציאנאלער באדען האט זיי
אלע פאראייניגט. עס איז באשאפען געווארען די מעגליכקייט
פאר א גרויסע אידיש נאציאנאלע באוועגונג.

די באוועגונג האט ניט געלאזט ווארטען אויף זיך לאנג.
נאך פארשיידענע פראבעס אין טעריטאריאליזם, סיימיזם
און ציוניזם, וואס זיינען דא געמאכט געווארען זייט דעם יאהר
1905, האט די באוועגונג זיך ענדליך קריסטאליזירט אין איין
ציוניסטישע באוועגונג מיט דריי פארשיידענע געשטאלטען. א
נייער מין דריי־איינינקייט, א אידישע דריי־איינינקייט.

מיר האבען די אלגעמיינע ציוניסטען, די מזרחי ציוניסטען
און די פועלי ציון.

דער ערשטער סארט באשטייט הויפטזעכליך ,און ווערט גע־
פירט פון דעם אמעריקאנער ,ד. ה. פון דעם אמעריקאניזירטען,
פילאנטראפיזירענדען טעמפעל יודענטום, וואס האט זיך שוין
ארויפגעארביים, וואס פילט זיך דא גאנץ באקוועם, וואס פאנ־
טאזירט וועגען ציון ניט פאר זיך, נאר פאר זיינע אומגליקליכע
גלויבענסגענאסען אויף יענער זייט ים.

דער צווייטער סארט באשטייט פון די ארטאדאקסישע אי־
דען, וועלכע האבען מורא אלס ציוניסטען צו דערמאנען דאס
ווארט „גאולה", ווייל די גאולה מוז קומען דורך משיח'ן, וועל־
כע, האבען אבער אין דער ציוניסטישער באוועגונג געפונען

דאס בעסטע מיטעל צו האלטען דאס ארטאדאקסישע יודענטום אלס אן ארגאניזירטע, קאנסערוואטיווע מאכט.

דער דריטער פארט באשטייט פון די אורשפרינגליכע קליי־נע צאל פועלי ציון, צו וועלכע עס זיינען צוגעקומען די אלע געוועזענע, ענטוישטע רעוואלוציאנערען פון יענער זייט ים, און פון יענער זייט רעוואלוציע, און די נאר וואס דערמאנטע, פון סאציאליזם באפרייטע, האלב ליבעראליזירנדע אינטעליגענץ, וואס קען ניט געהן איז שול אדער איז טעמפעל. וואס האט ניט דאס הארץ צו געבען צדקה, און וואס מוז האבען גייסטינע שמעק־טאבאקען פון צייט צו צייט צו דערכאפען דאס פאר'חלש'טע הארץ, אלע צוזאמען שטעלען פאר איין גרויסע, רעאקציאנערע באוועגונג.

אט דיזע באוועגונג איז דאס כאראקטעריסטישע פון דעם היינטיגען יודענטום אין אמעריקא.

דאס מיינט ניט צו זאגען, אז די אלע, אן אויסנאם, זיינען רעאקציאנערען. לחלוטין ניט. עס זיינען דא פילע אמת'ע פארט־געשריטענע מענשען. ביי די פועלי ציון איבערהויפט זיינען דא א היבשע צאל, אנגעזעהענע, פעהיגע, אינטעליגענטע און וויכ־טיגע פערזענליכקייטען. אבער דאס ענדערט ניט די זאך. ער־שטענס זיינען זיי איז אזא קליינע, פארשווינדענע מינדהייט לגבי די גרויסע באוועגונג, אז זיי קענען קוים מאכען וועלכען עס איז איינדרוק. צווייטענס, באווייזט דאס נאר, אז אונטער געוויסע אומשטענדען קענען אויך פראגרעסיווע מענשען זיך באטייליגען אין רעאקציאנערע באוועגונגען. דער עיקר איז, אז די גאנצע טעטיגקייט, דער הויפט כאראקטער איהרער איז רע־אקציאנער.

ווארים יעדע נאציאנאלע באוועגונג איז אין תוך רעאק־ציאנער.

דער פונדאמענט אויף וועלכען די נאציאנאלע באוועגונג בויט, איז די פארגאנגענהייט, דאס מיטעל וואס זי באנוצט צו דערגרייכען איהר ציעל, איז די אפגעזונדערטקייט. דיביידע זאכען שמעקען מיט רעאקציע.

פונקט ווי דער יחיד, ווען ער שליסט זיך איין אין דעם אייגענעם איך, מוז ער אנקומען צו פעסימיזם און רעאקציע,

אזוי מוז א פאָלק, ווען עס שליסט זיך איין אין זיך, ווערען רעאקציאָנער.

אין אַנאַנדער צייט וואָלט אפשר געווען נויטיג דיזע באַהויפּטונג צו באַגרינדען. היינט צו טאָג מיט די פּאַסירונגען אין פּוילען און אוקראַינאַ, איטאַליען און יוגאָ־סלאַווען, און אַנדערשוואו, פאַר אונזערע אויגען, זיינען די באַווייזע איבער־פליסיג.

די צוויי שלאַג ווערטער, די גרויסע אידעאַלען מיט וועלכע פּרעזידענט ווילסאָן האָט, מען קען זאָגען, עלעקטריזירט די גאַנצע וועלט, זיינען געווען: דעמאָקראַטיע און זעלבסטבאַשטי־מונג פון די נאַציאָנען. אין דער היץ פון דער מלחמה, ווען אַלע נערוון זיינען געווען אָנגעשטרענגט, איז קיינעם ניט איינגע־פאַלען צו אַנאַליזירען די צוויי באַגריפען. מען האָט עס אָנגע־נומען פאַר אַ כּלל, אַז דעמאָקראַטיע און נאַציאָנאַלע זעלבסט־באַשטימונג געהען האַנד אין האַנד. ארויסגעצייגט האָט זיך דער היפּוך. די צוויי באַגריפען שליסען זיך אויס. נאַציאָנאַלע זעלבסט באַשטימונג וויל ניט זיין קיין מחותּן מיט דעמאָקראַטי.

דאָס איז אמת ניט נאָר ביי אַ נאַציאָן ווי די פּוילישע, למשל, וועלכע קעמפט פאַר איהר עקזיסטענץ, נאָר אפילו ביי אַ נאַציאָן ווי די אַמעריקאַנישע, וואָס איז שטאַרק, גרויס, רייך און זיכער. פּאָלאַניזיאַציע ווי אַמעריקאַניזאַציע, זיינען אַלע מאָל באַגלייט פון רעאַקציאָנערע באַוועגונגען. די לעצטע האַנדלונגען פון די ציוניסטען אין פּאַלעסטינאַ אין דער זאַגענאַנטער קאָנ־סטיטואירענדער פאַרזאַמלונג, די באַליידיגונגען וואָס די „אי־דיש שפּרעכענדע" לעגיאָנערען האָבען דאָרט געהאַט אויסצו־שטעהן, זיינען שטאַרקער פון אַלע אַרגומענטען, וואָס איך וואָלט געקענט ברייננען.

דיזע באַהויפּטונג ווערט געמאַכט ניט מיט אַ לייכט האַרץ. איך בין זיך גוט באַוואוסט אין וואָסער ווידער־שפּרוך איך קום מיט מיין איינענער שטרעבונג, מיט מיינע איינענע געפילען און געדאַנקען בנוגע צו דער לעזונג פון דער אידישער פראַגע. אָבער איך קען ניט העלפען, איך מוז קומען צו דיזען שלוס.

קען איך אויסגלייכען דיזען געדאַנק ווענען נאַציאָנאַלע באַ־

וועגוונגען מיט מיין אייגענע שטעלונג צו דער לעזונג פון דער אידישער פראגע?

אפשר יא. דערווייל מוז איך זיך אפּשטעלען. די ארבייט האט זיך אויסגעצויגען צו לאנג.

ביי אנ'אנדער געלעגענהייט, וועל איך די פראגע ווידער אויפנעמען. דאן וועלען אויך באטראכט ווערען די אנדערע קרעפטען אין דעם אידישען לעבען; די ליטעראטור, די פרעסע, די ארביימער באוועגונג און די סאציאליסטישע באוועגונג, וואו עס ציינען זיך די אייגענע רעאקציאנערע סימפּטאמען.

# די אימיגראציאנס פראָבלעמע

## א י י נ ל י י ט ו נ ג

### ווי דער אַמעריקאַנער באַטראַכט איר.

די פראַגע פון אימיגראַציע איז פון פיעלפאַכער וויכטיגקייט פאר אונז. אלס איינגעוואנדערטע, אלס אידען, אלס ארבייטער, אלס סאָציאַליסטען, אלס אמעריקאַנער בירגער — פון וועלכער זייט מיר זאָלען זי ניט באַטראַכטען, איז די אימיגראַציאָנס־פראגע פון אומגעהייערער באדייטונג.

ליידער האָבען זיך ביי אונז מיט דיזער פראַגע ביז איצט באשעפטיגט נאָר צוויי סאָרטען מענשען: אוואַנטוריסטען פון איין זייט און סענטימענטאַלע, הגם ערליכע מענשען פון דער אנדער זייט.

די סענטימענטאלע, ווי עס איז נאַטירליך, האָבען באהאַנ־דעלט די פראגע פון דעם שטאַנדפונקט פון דעם אימיגראַנט, און די אוואַנטוריסטען, ווי עס איז אויך נאַטירליך, האָבען די גוטע סענטימענטען אויסגענוצט פאַר זייערע אייגענע צוועקען, ווי עס איז געוועזען דער פאל אין די וואהלען פון 1908, אין דעם 9טען קאָנגרעס דיסטריקט אין ניו יאָרק, וואו מאָריס הילקוויט איז געוועזען דער קאנדידאַט פון דער סאָציאַליסטישער פארטיי.

דיזער פאַקט, צוזאַמען מיט דעם פאַקט, וואָס באלד נאָך די וואהלען האָט א „גרינער“ דאָקטאָר, וועלכער האָט בייגע־וואוינט די ערשטע וואהלען אין אמעריקא, מיט אַן ערנסטער מינע זיך גע'חקרנ'ט אין דער „צוקונפט“ איבער דעם רעזולטאַט

---

*) ערשינען אָקטאָבער 1909 אין דער „נייער וועלט“, אַ דריי מאָנאַטליכער זשורנאַל, ארויסגעגעבען פון דעם מחבר. צוויי נומע־רען זיינען אין גאַנצען ערשינען.

פון די וואהלען אין צוזאמענהאנג מיט דער פראגע פון אימי־גראציע — דיזע פאקטען באווייזען ווי איבערפלעכליך, ווי איינזייטיג, ווי ניט ערנסט די פראגע ווערט ביי אונז באַהאנדעלט.

דיזע איבערפלעכליכקייט און איינזייטיגקייט, שעדליך ווי דאָס איז אין זיך אליין, איז עס נאָך טאָפּעלט שעדליך מיט דערמיט, וואָס עס גיט די דערמאָנטע אוואנטוריסטען די מעג־ליכקייט כסדר צו האלטען די אידען אין איין שרעק און אין איין ציטערניש; וואָס עס גיט זיי די מעגליכקייט כסדר צו טרומייטערען וועגען די אידישע „געפארען" און וועגען זייער איינענער וויכטיגקייט אלס אידישע פארזאָרגער.

שוין צוליב דעם אליין איז כדאי צו ווייזען די צווייטע זייט פון דעם מעדאל, איז כדאי צו באהאנדלען די פראגע פון דעם שטאנדפונקט פון דעם פאָלק, אין וועמעס טירען די אימי־גראנטען קלאפען, — פון דעם שטאנדפונקט פון דעם אמערי־קאנער. עס וועט זיך דאן ארויסצייגען, אז די „געפארען" פאר דער אימיגראציע ליגט, ביז א גרויסען טייל, אין די מחות פון די זעלבסט גענאנטע מליצי־ישרים.

עס איז אָבער דאָ נאָך אַן אורזאך:

ווען מען רעדט ביי אונז פון אימיגראציע, ווי שוין געזאָגט, האָט מען נאָר אין זינען דעם אימיגראנט, איינענטליך דעם אידישען אימיגראנט, און דאָס אויך נאָר פון איין זייט: צי וועט מען אים אריינלאָזען, צי ניט. אז דאָס פאָלק צו וועמען דער אימיגראנט קומט, האָט צו לעזען א שווערע און פארפלאָנ־טערטע פראָבלעמע; אז דיזע פראָבלעמע איז אין פיעל הינזיכ־טען שווערער ווי די, וועלכע דער אימיגראנט האָט צו אנטשיידען, דאָס, ווי עס שיינט, פאלט אונזערע לייט נאָר ניט איין. און דאָך איז עס פאר אונז נויטיג צו וויסען — נויטיג, אפילו פאר דער טובה פון דעם אימיגראנט גופא.

אין דער פאָלגענדער ארבייט נעמט זיך דאדורך דער שרייבער פאָר צו באהאנדלען די פראגע פון אימיגראציע פון פארשי־דענע זייטען, הויפטזעכליך אָבער, צו צייגען דעם שטאנדפונקט, אָדער ריכטיגער, די פארשידענע שטאנדפונקטען פון די אמע־ריקאנער.

## די מאָראלישע פראגע

כדי דעם גאנצען ענין צו באהאנדלען מיט א סדר, און כדי בולט ארויסצוברייננען די הויפּט פּונקטען, איז נויטיג צו ענטפערען אויף דריי פאָלגענדע פראגען:

1) האָט אמעריקע דאָס רעכט זיך צו באשעפטיגען מיט איר אימיגראציע? מיט אנדערע ווערטער: איז די אימיגראציע קיין אמעריקא אזא זאַך, מיט וועלכער דאָס אמעריקאנער פאָלק, אָדער די רעגירונג, האָט א רעכט זיך צו באשעפטיגען, רעגולירען אָדער באשרענקען; אָדער דארף אמעריקא פארלעגען די הענט, לאָזען געהן ווי עס געהט, און זאָל קומען ווער עס וויל?

2) וואָסער שטעלונג האָט אמעריקא אָנגענומען ביז היינט?

3) אויף וויפיעל קאָן מען פון דער ביז־איצטיגער שטעלונג שליסען אויף ווייטער?

די ערשטע פון די דריי פראגען איז, נאטירליך, די וויכטיגסטע. דער ענטפער אויף די איבריגע פראגען הענגט זעהר פיעל אָב פון דעם, ווי די ערשטע פראגע ווערט פארענטפערט.

די זעהר „ליבעראלע" מענשען, די מענשען מיט גרויסע פראזען און קליינע געדאנקען, וועלען אויף דער ערשטער פראגע שנעל ענטפערען: ניין! יעדעס לאנד, וועלען די מענשען זאָגען, דארף זיין פריי פאר אלע מענשען; קיין לאנד האָט ניט דאָס רעכט צו פארשליסען איהרע טירען פאר קיינעם.

דאָס קלינגט זעהר שעהן.

פרעגען מיר דיזע מענשען: דארף אמעריקא ארייגלאָזען אימיגראנטען מיט אנשטעקענדע קראנקהייטען? מיר ווייסען אז אין צייט פון א מגפה פירען די לענדער איין קאראנטין, און דאָס דענקט מען, איז ניט נאָר דאָס רעכט, נאָר די פליכט פון א לאנד, צו באשיצען איהרע בירגער פון געפערליכע קראנקהייטען.

דאָ האָבען מיר א פאל, וואו אלע מענשען גיבען צו דאָס רעכט פון א לאנד צו רעגולירען, אָדער צו באשרענקען דאָס איינוואנדערען. ניט עס נאָך אנדערע אזעלכע פעלע?

די פראגע ווילען מיר צום בעסטען קאָנען ענטפערען מיט א היפּאָטעטישער פראגע: לאָמיר זיך פארשטעלען די ציוניסטישע, אָדער זאָגאר די טעריטאָריאליסטישע אידעאלען זענען שוין מקוים געוואָרען; לאָמיר זיך פאָרשטעלען די אידען אין זייער אייגענעם לאנד, „איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו"; לאָמיר זיך ווייטער פאָרשטעלען, אז די אידישע באפעלקערונג אין דעם אייגענעם לאנד צעהלט 8—9 מיליאָן נפשות, ווי די באפעלקערונג פון די אמעריקאנער איז געווען אין דעם אָנפאנג פון דעם 19טען יאָרהונדערט; אז דאָס אידישע לאנד פארמאָגט א שטח וואָס קאָן אין זיך לייכט ארייננעמען 150 מיליאָן מענשען, און אז אין דיזען אידישען לאנד גיסט זיך א שטראָם פון מיליאָנען אימיגראנטען, ניט אידען. ווי וואָלט זיך דאָס אידישע פאָלק פארהאלטען צו אזא אימיגראציע?

דאָס אידישע פאָלק איז דאָ אָנגענומען געוואָרען אלס משל צוליב דער אידישער רעליגיע. די רעליגיע שפּילט אזא גרויסע ראָלע אין דעם אידישען לעבען, זי איז אזוי ווייט פון די אנדערע רעליגיעס, אז עס איז גענוג נאָר צו שטעלען די פראגע, מען זאָל לייכט איינזעהן, אז א פיעל־מיליאָנענדיגע אימיגראציע פון ניט אידען אין דעם אידישען לאנד, אן אי־מיגראציע פון קריסטען, וואָס וואָלט אין א פארהעלטניסמעסיג קורצע צייט צען מאָל געקאָנט איבעריאָגען די אידישע באַ־פעלקערונג, וואָלט פאראורזאכט גרויסע קאָפּדרעהעניש די אי־דישע שטאַטסמענער און געלערטע; אז דיזע שטאַטסמע־נער וואָלטען געוויס געזוכט מיטלען אזא אימיגראציע אויף וועל־כען עס איז אופן אומשעדליך צו מאכען, צוליב „קיום האומה.

די נאַציאָנאַליסטען, אַלע נאַציאָנאַליסטען, בויען טעאָרע־טישע געביידעס אויף דער נאַציאָנאַלער קולטור, נאַציאָנאַלע איינענשאפטען, נאַציאָנאַלע אייגענטימליכקייטען, נאַציאָנאַלע ווערטען, נאַציאָנאַלע אינדוסטריע א. א. וו., און א. ז. וו. אויב דיזע טעאָריעס זענען אמת — און אין פיעל הינזיכטען זענען זיי אמת — איז דאָך אויך אמת, אז דיזע קולטור, אייגענטימ־ליכקייט, ווערטען א. א. ז. וו. מוזען ווערען באשיצט, אנטוויקעלט און פארבעסערט אין זייער אייגענעם גייסט; און קיין פאר־נינפטיגער מענש וועט ניט אפלייקענען, אז אן אומאויפהערלי־

כער צופלוס פון מיליאָנען מענשען, מיט אן אנדער קולטור און אייגענטימליכקייט, מוז ביז א הויכען גראד ענדערען די קולטור פון דעם לאנד אין וועלכען זיי קומען.

און דאָס איז אמת אפילו דאן, ווען די איינגעוואנדערטע קומען פון א פאָלק מיט א העכערער קולטור. א הויכע קולטור מיט אמאָל ארויפגעצוואונגען אויף א פאָלק, וועלכעס איז אין איר גאנצער קאָנסטרוקציע ניט צוגעפּאַרטיגט דערצו, קאָן ווירקען גראדע אזוי שעדליך. „דער גערמאנישער סקעפּטיציזם“, זאָגט פּראָפעסאָר ריטשארד מאיאָ־סמיטה, וועלכער באשעפטיגט זיך מיט דיזער פראגע אין זיין בוך „עמיגריישאָן און אימיגריי־שאָן“, „מעג זיין א נאטירליכער פּראָדוקט פון גערמאנישען לעבען און סביבה. ער קאָן זאָגאר זיין דער יסוד פאר א נייער מאָראל־לערע; אָבער אויב דיזער סקעפּטיציזם ווערט ניט אנטוויקעלט פון אמעריקאנער אידעען אויף דעם נאטירליכען אופן, נאָר ווערט דאָ ארויפגעצוואונגען פון אויבען, מוז ער ווירקען שעדליך אויף דעם אָרגאניזם פון אונזער נאציאָנאלען לעבען“.

דאָס איז געזאָגט, ווען די אימיגראנטען קומען אלע פון איין ראסע, אָדער פון איין פאָלק. דאן, שלעכט ווי דאָס איז, קאָן מען נאָך דעם שאָדען מעסטען און וועגען. פיעל פאר־פלאָנטערטער אָבער ווערט די פראגע, ווען די אימיגראציע איז אזא, וואָס מאכט אָן א דור־הפלגה; ווען די אימיגראציע שטאַמט פון אלע קלימאטען, פון אלע ראסען, פון אלע לענדער, פעלקער, רעליגיאָנען און שפּראכען פון דער וועלט. דאן איז די פראגע כמעט אומלעזבאר. דאן איז עס שוין ניט נאָר א פראגע פון מאָראל און קולטור, עס ווערט א פראגע פון נאציאָנאלער עקזיסטענץ. ווען דאָס לאנד פון אימיגראציע איז געוויסער־מאסען א פריי לאנד, מיט העכערע לעבענס־געוואוינהייטען, ווי אמעריקא איז לכל הדעות, דאן ווערט דאָס פּראָבלעם נאָך מער קאָמפּליצירט, דאן ווערט עס א פראגע ניט נאָר פון נאציאָנאלער עקזיסטענץ, נאָר פון עקזיסטענץ איבערהויפּט — קולטורעל, פּאָליטיש און עקאָנאָמיש.

אנדערע וועלען זאָגען: אמעריקא האָט קיין אייגענע קול־טור, דאָס אַמעריקאנער פּאָלק איז קיין נאציאָן אין דעם

אָנגעגומענעם זין פון דעם וואָרט, און די אַלע ארגומענטען קאָנען ניט אָנגעווענדעט ווערען אויף אמעריקא.

דאָס וואָלט געווען א גוטער תירוץ, ווען דיזע אנדערע וואָלטען באדארפט ענטשיידען די פראגע וועגען דער אימיגראציע קיין אמעריקא, דעמאָלט וואָלט מען זיך געקאָנט פּלפּול'ען איבער די טעאָרעטישע פראגען. די פראגע דארף אָבער גע־ענטפערט ווערען פון די אמעריקאנער גופא, און זיי, די אמע־ריקאנער, האלטען זעהר פיעל פון זייער קולטור און נאציאָנאלי־טעט. זיי האָבען דאדורך צו פארענטפערען די הארבע שאלה: וואָסער איינדרוק וועלען די נייאריבערגעקומענע מאכען אויף זייער קולטור? וועלען זיי זי פארגרעסערען, פארבעסערען, פארטיפען, פארשטארקען און אויפהויבען; אָדער וועלען זיי זי פארקלענערען, פארענגערען, פארפלאכען, אפשוואכען און ארונטערדריקען? און די הויפט זאך: ווי וועלען זיי באאייני־פלוסען די פּאָליטישע אינסטיטוציעס אין דיזען לאנד? מען דארף נישט פארגעסען, אז פּאָליטיש איז אמעריקא דאָס פרייסטע לאנד אין דער וועלט, אז עס איז ניט נאָר דאָס פרייסטע לאנד, נאָר אויך דאָס פרייניבינסטע. אום צו ווערען א בירגער אין דיזען לאנד איז גענוג, נאָכדעם ווי מען איז אָפּגעוועזען פינף יאָהר אין לאַנד, צו ערשיינען פאר א ריכטער, מיט איינעם אָדער צוויי עדות, ענטפערען אויף איינינע לייכטע און אומבאדייטענדע פראגען, און צו באצאָלען ניט מער ווי א פּאָר טאלאר. דיזע אַלע מיליאָנען איינוואנדערער קאָנען אלזאָ, אין א גאנץ קורצער צייט, אונטער זעהר לייכטע באדינגונגען, ווערען פול בארעכטיגטע בירגער מיט אַלע פּאָ־ליטישע רעכט פון דעם לאנד. און דער אמעריקאנער שטעלט זעהר ערנסט די פראגע: ווי וועלען די מענשען באנוצען די פּאָליטישע רעכט, צו וועלכע זיי זענען ניט ערצויגען געוואָ־רען, אין א לאנד, וואו קיין זאך, אויסער די מעגליכקייט צו מאכען געלד בינדט זיי ניט? ווי וועלען סלאָוואקען, טערקען, גרעקען, ארמעניער, איטאליענער און פּוילישע פויערים, רוסי־שע מוזשיקעס, גאליציאנער און פּוילישע חסידים, אויסנוצען דאָס רעכט צו שטימען אין א פּאָליטיש פריי לאנד ווי אמע־ריקא?

עס איז קיין פראגע און עס קאָן ניט זיין קיין צווייפעל, אז די לענדער פון וואנען דער נייער אימיגראציאָנס־שטראָם פליסט (איטאליען, עסטרייך־אונגארען, רוסלאנד און פוילען) זענען עקאָנאָמיש ריקשטענדיג. די מענשען דאָרטען זענען ניט געוואוינט צו אזא ארט לעבען ווי די אמעריקאנער. די פראגע איז דאדורך זעהר בארעכטיגט: וואָס איז דער „סטענדארד אָון לייף" ביי יענע מענשען? פארברויכען זיי פיעל, קאָנען זיי אויסקומען מיט ווייניג, וועלען זיי איבערהויפט זיין אימשטאנד צו מאכען א לעבען? וועלען זיי ניט דריקען די שכירות פון אונזערע ארבייטער? וואָס פאר א באגריפען האָבען זיי פון קינדער־ערציהונג? א. א. וו. פראגען אָהן א שיער...

מיר זעהען פון דעם אלעם, אז גראָד די נאציאָנאליסטען מוזען צוגעבען די וויכטיגקייט פון דער פראָבלעמע פאר דעם אמעריקאנער.

קוים איז מען דאָס איינמאָל מודה, קוים ניט מען צו די וויכטיגקייט פון דער פראָבלעמע, מוז מען שוין געצוואונגענער־ווייז איבערלאָזען דעם לאנד דאָס רעכט צו ענטפערען אויף דער פראגע.

על כל פנים מעג דאָך דאָס אימיגראציאָנס־לאנד האָבען אזויפיעל רעכט וויפיעל דער אימיגראנט האָט. דער עמיגראנט קאָן זיך אויסוועהלען דאָס לאנד וואוהין צו פאָרען; ער קאָן, ווען שוין אין לאנד, באשליסען, אז דאָס לאנד טויג ניט פאר אים און עס ווידער פארלאָזען. ווארום זאָל דאָס לאנד ניט האָבען דאָס זעלבע רעכט געגענאיבער דעם אימיגראנט?

וועלכע הויפּט מאָטיוועז באשטימען מענשען צו פארלאָזען די היימאט און וואנדערען אין א פרעמד, אומבאקאָנט לאנד? די אימיגראציאָנס סטאטיסטיק אין דיזען לאנד, און די פארשידענע אויספאָרשונגען, וואָס די אמעריקאנער רעגירונג האָט געלאָזט מאכען אין אייראָפּעאישע לענדער, האָבען פעסטגעשטעלט די טאטזאך, אז פאר אלעם און הויפּטזעכ־ליך זענען עס עקאָנאָמישע מאָטיוועז. די אוממעגליכקייט צו מאכען א לעבען אין דער היים, און די האָפנונג צו פארבעסע־רען די לאגע דאָ, זענען די הויפּט כוחות וואָס טרייבען מענשען אריבער צו שפּרייזען דעם גרויסען אָקעאן. עס זענען דאָ נאָך

אנדערע אורזאכען, ווי דאָס ניט וועלען דינען אין מיליטער, פּאָליטישע פארפאָלגונג און ענליכע. דיזע לעצטע אורזאכען, מיט דער אויסנאם פון רוסישע אידען אפשר, און דאָס אויך ניט אלס א כלל, שפּילען א קליינע ראָלע. די הויפּט אורזאכען זענען די עקאָנאָמישע.

די אימיגראציאָנס סטאטיסטיק אין דיזען לאנד איז א זיכערער טערמאָמעטער פאר די מאטעריעלע צושטענדע פון אייראָפּא און אמעריקא. א שלעכט יאָר אין א געוויסען לאנד פארגרעסערט די אימיגראציע פון יענעם לאנד. א קריזיס יאָר אין אמעריקא פארקלענערט די אימיגראציע צו אונז. און די לעצטע צוויי יאָר צוליב דעם היגען קריזיס, האָבען מיר זאָגאר דערלעבט א גרויסע צוריק־וואנדערונג. דער אימיגראנט אליין, וועהלט ניט נאָר דאָס לאנד וואוהין צו פאָרען, נאָר אויך די צייט, ווען צו פאָרען. ווען די צייטען זענען שלעכט אין זיין היים, און דאָ גוט, נעמט ער זיין פּעקעל און זעקעל און קומט צו פאָרען — אן אומגעבעטענער גאסט. ווען מיר האָבען דאָ א קריזיס, בלייבט ער זיצען אין דער היים, אָדער, ווען ער איז שוין דאָ, פאָרט ער צוריק אהיים — אָהן שום פילאָזאָפיען, און אָהן שום פּאָליטיש עקאָנאָמישע טעאָריעס. זיין אינסטינקט, זיין געזונטער מענשען פארשטאנד, און הויפּטזעכליך, זיינע פּערזענליך, עגאָאיסטישע אינטערעסען, דיקטירען אים צו האנדלען ווי ער האנדעלט. הייגט ווען דער אימיגראנט האָט אזא אומבאשרענקט רעכט, ווארום זאָל אמעריקא ניט האָבען דאָסזעלבע רעכט? ווען דער אימיגראנט קאָן זאָגען: אמעריקא איז ניט פאר מיר, איך פאָר אהיים, ווארום זאָל אמעריקא ניט קאָנען זאָגען צו א געוויסען אימיגראנט: דו ביזט ניט פאר מיר, פאָר אהיים! ווען דער אימיגראנט קאָן זאָגען: היי־יאָר איז שלעכט אין אמעריקא, איך בלייב אין דער היים, ווארום זאָל אמעריקא ניט קאָנען זאָגען צו אלע אימיגראנטען: היי־יאָר איז שלעכט, בלייבט אין דער היים!? און פארגעסט ניט, ווען אמעריקא זאָגט דאָס גיט זי באלד א שיפס־קארטע.

מיר זעהען פון דיזען, אז יעדעס לאנד דאָט זעהר וויכטיגע גרינדע זיך צוצוקוקען צו דעם כאראקטער פון אירע אימיגראנטען, אז אין אמעריקא זענען די גרינדע נאָך פיעל

שטארקער. עס זענען אָבער פאראן נאָך אנדערע אורזאכען, ניט ווייניגער וויכטיגע, ווי די אויבען דערמאָנטע.

נעמט אוועק דאָס רעכט פון אמעריקא (אויב אזא זאך איז מעגליך) צו רעגולירען איר אימיגראציע, און איר גיט מיט דעם אנדערע לענדער דאָס רעכט איבער אמעריקא.

די אימיגראציע נאָך אמעריקא ווערט געוועהנליך פארטיילט אין צוויי קלאסען: פרייוויליגע אימיגראציע און אונטער־שטיצטע. אין אמת׳ן קאָן אָבער די אימיגראציע איינגע־טיילט ווערען אין פיר גרופּען: פרייוויליגע, געצוואונגענע, אונטערשטיצטע און פארנארטע.

פון די ערשטע צוויי גרופּען, פון די פרייוויליגע און גע־צוואונגענע איז דאָ ניט פיעל צו רעדען. די פראקטישע אמערי־קאנער האָבען אויסגערעכענט, אז פרייוויליגע אימיגראציע איז א געווינס פאר׳ן לאנד. די וואָס פארלאָזען פרייוויליג די היימאט, זענען געוועהנליך ארבייטס־פעהיגע, אמביציעזע און שטרעבענדע מענשען. זיי זענען מייסטענס יונגע מענשען און פאָרען מיט דעם צוועק צו פארבעסערען זייער לאגע. דאָס לאנד קריגט אזוי ארום ארבייטס־פעהיגע מענשען, וועלכע זיינען אויסגעהאָדעוועט געוואָרען אויף דעם חשבון פון אנדערע לענדער.

די געצוואונגענע אימיגראציע, נאָך מיין קלאסיפיקאציע, באשטעהט פון פּאָליטיש פארפאָלגטע, צו דיזער גרופּע באלאנגט א גרויסער טייל פון דער אידישער אימיגראציע, ווי אויך די רוסישע רעוואָלוציאָנערען פון דער לעצטער צייט. עס איז אמת, אז די דירעקטע אורזאך פון דער אידישער אימיגראציע פון רוסלאנד און רומעניען איז, גראדע ווי ביי אנדערע, די עקאָנאָ־מישע לאגע, זי אונטערשיידט זיך אָבער מיט דעם וואָס דיזע עקאָנאָמישע צושטענדע זענען אין א הויכען גראד קינסטליך ארויסגערופען דורך פּאָליטישע פארפאָלגונגען און אויסנאמס־געזעצע.

דיזער סאָרט אימיגראציע איז פאר דעם אמעריקאנער גיט גאנץ ווינשענסווערט, זי ווערט ארויסגערופען דורך דער האנד־לונג פון אנדערע לענדער, וואו ער האָט קיין דעה צו זאָגען, די טראדיציעס פון זיין פריי לאנד זענען אָבער אזוי שטארק, אז

זיי מאכען אידם אָפּט שטאָלץ אויף דיזער אימיגראציע. עס איז אמת, ער פארלירט אמאָל דעם גערולד און פּראָטעסטירט, אָבער מען קאָן זיין זיכער, עס וועט נאָך נעמען צענדלינע יאָהרען איידער דער אמעריקאנער וועט זיך נעמען צו פארשליסען זיינע טירען פאר פּאָליטישע פארפאָלגטע. *)

גאנץ אנדערש שטעהט עס מיט דער אונטערשטיצטער אי־מיגראציע. אזא אימיגראציע איז אין די מערסטע פעלע א פאר־לוסט פאר דעם לאנד. און מיט וואָס צו שטאָלצירען איז אויך ניטאָ.

עס ליגט אין דער נאטור פון דער אונטערשטיצטער אי־מיגראציע צו באשטעהן פון די אומפעהיגסטע מענשען. די בעלי

---

*) אזא פּראָטעסט האָט מיט עטליבע יאָר צוריק (אין 1901, שיינט מיר) דער פארשטאָרבענער דזשאָהן העי, דער דאמאָלסדיגער אויסלענדישער מיניסטער אין מאק'קינלי'ס קאבינעט, געשיקט צו דער רומענישער רעגירונג, אויפמאָדערענדיג זי אויפצוהערען פארפאָל־גען די אידען, ווייל דיזע פארפאָלגונג פאראורזאכט אן אומגעווינשטע אימיגראציע קיין אמעריקא. די אידען פון איבעראל, און ספּעציעל אין אמעריקא, האָבען דיזע נאָטע דאן אויפגענאָמען אלס א גרויסע מאָט, און האָבען דזשאָהן העי באטראכט אלס גרויסען מליץ יושר. עס איז געגאַנגען אזוי ווייט, אַז ל. מילער, צו יענער ציים רעדאק־טאָר פון „פאָרווערטס", האָט נאָך דעם קישענאָווער פּאָגראָם צירקולירט א פּעטיציע, וועלכע צענדליגע טויזענטער אידען האָבען געצייכענט, בעטענדיג די אמעריקאנער רעגירונג, זי זאָל פּראָטעסטירען געגען די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, ווייל די פּאָגראָמען פאראורזאכען אן אומגעווינשטע אימיגראציע. דער שרייבער פון דיזען האָט דאַן אויפמערקזאָם געמאַכט אין דער „פרייע ארבייטער שטימע" אויף די רעזולטאַטען, וואָס קענען אַרויסקומען פאַר דער ווייטערדיגער אימי־גראציע פון אזא צוגעשטענדניס פון די היגע אידען, און די פּעטי־ציע איז ניט געשיקט געוואָרען. דאָס ווערט דאָ דערמאָנט, ערשטענס, אלס אַ וויכטיגער היסטאָרישער פאַקט; צווייטענס, צו באווייזען דאָס אויבענגעזאָגטע, מיט וואָסער לייכטזיניגקייט, מיט וואָסער הפקרות, קען מען זאָגען, די אימיגראַציאָנס־פראַגע ווערט ביי אונז באַהאַנדעלט.

טובות, אָדער די רעגירונגען, וואָס אונטערשטיצען אימיגראנ־טען, וועלען נאַטירליך העלפען די אָרימסטע, די אומגליק־ליכסטע, די אומבאהאָלפענסטע. וואָס ווייניגער איינער קאָן זיך אַליין העלפען, אַלץ מער אַנשפּרוך האָט ער אויף דער שטיצע פון די בעלי טובות. עס איז א נאַטירליכער אויסוואַל. וויפיעל אַזעלכע אומגליקליכע און אומבאהאָלפענע זאָלען קומען אין דיזען לאַנד, ווענדט זיך אָן די בעלי טובות, און אָן די רעגירונגען פון אנדערע לענדער. שוין אין יאָהר 1854 האָט די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאַטען זיך באַקלאָגט פאַר דער שווייצארישער רעגירונג אויף די פיעל טרעמפּס און הילפלאָזע מענשען, וואָס די שווייצארישע קאנטאָנס האָבען געהאָלפען אויסוואנדערען קיין אמעריקא.

די ענגלישע רעגירונג האָט איבערהויפּט א סיסטעמע צו העלפען אויסוואנדערען. זי טוט עס מייסטענס צוליעב קאָלאָ־ניזאציאָנס צוועקען, אָבער אין פיעל פעלע ווערט דאָס אויך געטאָן כדי פּטור צו ווערען פון וואַגאַבונדען און שנאָרערס. פון דעם יאָר 1857 ביז דעם יאָר 1886 האָט די ענגלישע רעגירונג אויסגעגעבען אויף דיזען צוועק איבער דריי פערטעל מיליאָן דאלאר און האָט אונטערשטיצט איבער פערציג טויזענד אויסוואנדערער.

נאָך ערגער שטעהט עס מיט פאַרברעכער. עס איז זעלבסט־פאַרשטענדליך שווער אויסצוגעפינען די פאַקטען וואָס באַווייזען וויפיעל פאַרברעכער די פאַרשידענע רעגירונגען האָבען געהאָל־פען אויסוואנדערען קיין אמעריקא. אייניגע אַזעלכע פאַקטען זענען דאָך ענטדעקט געוואָרען.

„לויט די עדות פון א געוויסען מר. וואָלף צו דער פאָרד אונטערזוכונג קאָמיסיע, עקזיסטירט אין מינכען א חברה צו העלפען פריינעלאָזענע פאַרברעכער. און לויט דעם באריכט פון דיזער חברה האָט זי, צוזאמען מיט אייניגע בראַנשען אין די יאָרען 1883—1884 געהאָלפען 62 אַזעלכע לייט אויסוואנ־דערען". אין באָסטאָן האָט מען געפונען צוויי געוועזענע ארעסטאַנטען, וועלכע די ענגלישע רעגירונג האָט געהאָלפען צו עמיגרירען".

די עטליכע פאַקטען, אין זיך אַליין, באַווייזען נאַטיר־

ליך נאָרניט נענען אימיגראַציע. זיי זענען אָבער גענוג, ווען מען רעדט פון אַ מאָראַלישען רעכט צו קאָנטראָלירען די אימיגראַ־ציע, צו באַווייזען, אז ווען מען וויל אָבזאָגען אַ לאַנד דאָס רעכט אויפצופּאַסען אויף איר איינוואַנדערונג, נים מען דערמיט אַלע אַנדערע לענדער די מעגליכקייט אויסצונוצען דאָס באַטרעפענדע לאַנד צו זייערע אייגענע צוועקען. און פּראָפעסאָר מאַיאָ סמיטה, פון וועמעס בוך מיר ציטירען דיזע פאַקטען, באַמערקט מיט רעכט: „ווען מען באַרעכענט ווי לייכט עס איז פאַר דער פּאָלי־ציי צו געבען אַ וואונק צו צווייפעלהאַפטע פּערזאָנען, זיי זאָלען זיך באַצייטענס אָבטראָגען, טיילמאָל זיי זאָגאַר העלפען מיט אַ שיפסקאַרטע, און אויף אַזאַ אופן לויז צו ווערען פון פאַרברעכער, מוז מען זיך וואונדערען וואָס דאָס ווערט ניט אָפטער פּראַקטיצירט".

דיזע אַלע זאַכען, וויכטיג ווי זיי זענען אין זיך אַליין, האָ־בען אָבער קיין באַטרעף אין פאַרגלייך מיט דער פערטער גרופּע פון אימיגרנטען: די פאַרנאַרטע. דיזע לעצטע גרופּע איז איי־גענטליך די, וואָס מאַכט אָן די הויפּט שווערינקייט, וואָס רופט אַרויס דעם גרעסטען ווידערשטאַנד, וואָס האָט פאַראורזאַכט די גאַנצע אימיגראַציאָנס־געזעצגעבונג. און דאָס ברענגט אונז צו דער עקאָנאָמישער פראַגע.

## די עקאָנאָמישע פראַגע

דאָס וואָרט „עקאָנאָמישע פראַגע" ווערט דאָ געברויכט אין אַ באַשרענקטען זין. צו ריידען פון דער עקאָנאָמישער זייט פון אימיגראַציע, וואָלט מען באַדאַרפט באַרירען פיעל פראַגען, מען וואָלט באַדאַרפט הויפּטזעכליך באַווייזען דעם גרויסען עקאָנאָמישען נוצען וואָס דאָס לאַנד האָט געהאַט דורך דער אי־מיגראַציע אין אַלגעמיין. מיר האַלטען אָבער איצט ניט ביי דעם קאַפּיטעל. איצט ווילען מיר ריידען פון דעם אוממיטעל־באַרען שאָדען וואָס די אימיגראַציע פאַראורזאַכט, פון די קלאַ־סען וואָס זענען דירעקט פאַראינטערעסירט אין דער פראַגע און אויך פון דיזען שטאַנדפּונקט מאָר די פראַגע ניט פאַרנאַכלע־סיגט ווערען. דיזע זייט ברענגט צום דייטליכסטען אַרויס די

וויכטיגקייט פון דער פּראָבלעמע. זי ווייזט אונז וועלכע שיב־טען עס זענען געגען און וועלכע פאר אימיגראציע. זי גיט אונז דעם שליסעל צו דער לעזונג פון דער פראגע.

און זאָגאר אין אונזער באשרענקטען זין, האָט די פראגע א צווייפאכע באדייטונג: 1) די עקאָנאָמישע ווירקונג פון דער אימיגראציע אויף די אימיגראנטען גופא. און 2) איר וויר־קונג אויף די אַלט־איינגעזעסענע. מיט אנדערע ווערטער: די עקאָנאָמישע רעזולטאטען פאר די ארבייטער, די נאָר וואָס אריי־בערגעקומענע, ווי די איינגעזעסענע.

אין דעם אלגעמיינעם קרייץ צוג, וואָס איז געמאכט געוואָ־רען געגען דער סאָציאליסטישער פּארטיי פאר די לעצטע וואלען אין ניו יאָרק, האָט ראָבערט האָנטער אויך ניט טרוקען אפּגע־שניטען. אויך אים איז מען באפאלען פאר זיין שטעלונג געגען אימיגראציע. עס איז אמת, האָנטער רעדט זעהר פיעל וועגען, אָדער געגען, אימיגראציע. מען מוז אָבער לעזען זיין בוך „פּאָווערטי“ (ארימקייט) מען זאָל זיך איבערצייגען, ווי אומערליך עס זענען די, וואָס זענען אים באפאלען.

אין זיין בוך „פּאָווערטי“ האָט האָנטער אויסגעמאָלען א שוידערליך בילד פון אָרימקייט און עלענד, וואָס הערשט אין אונזער געבענשטען לאנד, א בילד וועלכעס איז א באשולדי־גונג אקט געגען דער גאנצער געזעלשאפטליכער אָרדנונג. ווען האָנטער האָט געשריבען זיין בוך איז ער נאָך קיין סאָציאליסט ניט געוועזען. איך גלויב עס איז געוועזן די ווירקונג פון זיין אייגען בוך, וואָס האָט אים געטריבען צום סאָציאליזם.

עס קען זיין, ווען האָנטער וואָלט היינט געשריבען זיין בוך, וואָלט דער טאָן פון דעם קאפּיטעל „דער אימיגראנט“ געוועזן אן אנדערער, די פאקטען וואָלט ער אָבער קוים געקענט ענדערען. און די פאקטען זענען, אז די גרעסטע אָרימקייט ליגט אין די גרויסע שטעט — אין אייניגע גרויסע שטעט; אז דיזע אייניגע גרויסע שטעט זענען מייסטענס באוואוינט פון אימיגראנטען; אז די אימיגראנטען זענען פאָלגליך, די אומ־גליקליכסטע, די מיזעראבעלסטע, די מייסטע געפּלאָגטע און די עלענדסטע פון אלע מענשען; אז דער גרעסטער טייל פון דיזע אומגליקליכע אימיגראנטען ווערען אהער פארנארט.

„דיזע פרעמדע", שרייבט האַנטער, „קומען ניט אהער ווי נאָר די ערשטע אימיגראַנטען זענען געקומען, בייקומענדיג אלע שטערונגען און שטארק זיי אריבערצוטראָגען צוליב א נייער גע־לעגענהייט אין דער נייער וועלט; זיי ווערען אהער פארפירט; זיי ווערען אריינגענארט מיט אלע מעגליכע מיטעל און מיט אלע קונצען, וואָס די אַגאַנסירער קאָנען אויסקלערען. באַלטאָן קינג, שרייבענדיג איבער „דאָס היינטיגע איטאליען" זאָגט, אז אין 1896 איז אין איטאליען געווען איבער טויזענט אגענטען, און צופיעל פון זיי האָבען ספעקולירט אויף דער אומ־ווִיסענהייט פון די פויערים, געבענדיג זיי פאלשע ידיעות וועגען דעם ארבייטס־מארק."

אזעלכע אגענטען זענען דאָ אין יעדען לנד, אין יע־דער שטאָט און שטעטעל. דיזע באצאָלטע אגענטען געפינען א גרויסע שטיצע אין די ניט באצאָלטע אגענטען פון די אימי־גראַנטען גופא, דורך די איבערטריבענע גליקען, וואָס זיי שריי־בען אהיים. מיט דיזע בריף נוצען זיך די אגענטען אויס, און זייער ארבייט פון פארנארען די מענשען איז פיעל לייכטער.

די אידישע אימיגראַנטען זענען אין דיזער הינזיכט קיין אויסנאַם. וויפיעל טויזענטער, ניין, צענדליגע טויזענטער זענען אהער געקומען צוליב אזעלכע איבערטריבענע גליקען? וויפיעל וואָלטען צוריקגעפאָרען ווען זיי וואָלטען געהאט די מעג־ליכקייט, ווען זיי וואָלטען געקראָגען שיפסקארטען אויף צוריק אזוי לייכט ווי זיי האָבען באקומען אויף אהער? איין נאָט וויים!

עס וואָלט נאַטירליך ניט געווען ריכטיג צוצושרייבען די גאנצע אָרימקייט נאָר צו דער אימיגראַציע. און אין דעם ליגט א שטיק פון האַנטער'ס טעות. די אורזאכען צו וועלכע די אל־געמיינע אָרימקייט פון דער מאָדערנער צייט מוז צוגעשריבען ווערען, ליגט פיעל טיפער. די אימיגראַציע גופא איז א פאָלגע פון דיזע אורזאכען. מען קאָן אָבער ניט אָפּלייקענען, דאָס ווען צו די „נאַטירליכע" אורזאכען, וואָס ברענגען ארויס די מאָדער־נע אָרימקייט פון דעם פראָלעטאריער, קומען צו די „אומנאַ־טירליכע": די אימיגראַציע, וואָס וואָלט קיינמאָל ניט פאָרגעקו־מען, ווען מען וואָלט זי ניט פארנארט, — אז אזא אי־

מיגראציע מוז די אָרימקייט פארשטארקערען און מוז פאר אלעם זיך אָפּרופען אויף די אימיגראנטען גופא.

עס איז די לייכטסטע זאך אין דער וועלט צו ברענגען א רייהע ציפערען און פאקטען צו באווייזען ווי שרעקליך, און ווי שעדליך די אָרימקייט הערשט הויפּטזעכליך צווישען די נייע אריבערגעקומענע. איך וויל אָבער דיזע ארבייט ניט באלעסטי־טיגען מיט טרוקענע ציפערען. און עס איז אפשר ניט נויטווענ־דיג. יעדער וואָס איז באקאנט מיט די צושטענדע אין די אידישע אָדער איטאליענישע קווארטאלען אין שטעט ווי ניו יאָרק, פילאדעלפיא אָדער שיקאגאָ, וויים דאָס פון פערזענליכע ערפארונג. אזא אביונ'ישקייט, אזא עלענד ווי עס הערשט אין דעם אידישען קווארטאל אין ניו יאָרק, שיינט מיר, קאָן מען אין דער גאנצער וועלט ניט געפינען, אויסער, אפשר, אין דעם אידישען קווארטאל אין לאָנדאָן, וואו דיזעלבע אורזאכען האָ־בען ארויסגערופען דיזעלבע פאָלגען.

עס איז אמת, א געוויסער טייל פון די אימיגראנטען האָט זיך אויך ארויפגעארבייט. א געוויסער טייל קאָן זיך אלע מאָל ארויפארבייטען. אָבער וואָסער פארגלייך האָט דאָס צו די צענדליגע און הונדערטע טויזענטער, וואָס געהען אוים פון הונ־גער, וואָס צערען צוזעהענדיג, וואָס ליידען פון שווינדזוכט, וואָס וואוינען אין ענגשאפט און אין שמוץ אין די טענעמענט הייזער? וואָלט דיזע אימיגראציע געטאָן ניט מער ווי פאר־אומגליקט די אימיגראנטען — עס וואָלט דאן געווען גענוג אורזאך גוטהערציגע מענשען זאָלען זיך שטארק פאראינטע־רעסירען וועגען דער צוועקמעסיגקייט פון אזא אימיגראציע. זיי וואָלטען זיך דאן געפרעגט, און מענשען ווי האָנטער פרעגען טאקע: צי וואָלט ניט געווען גלייכער, צי וואָלט מען די אימי־גראנטען ניט געטאָן מער טובה, ווען מען וואָלט זיי אָפּגעהאל־טען פון אהערקומען? עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אז די הויפּט קראפט וואָס טרייבט די אימיגראנטען, איז די היימי־שע אָרימקייט; אז דער הויפּט ארגומענט דורך וועלכען דיזע אומגליקליכע לאָזען זיך פארנארען, איז די האָפנונג דאָ צו פאר־בעסערען זייער לאגע. היינט וואָס פּירט מען אוים מיט אן עמיגראציע, וואָס מאכט די אָרימע אָרימער, די אומגליקליכע

אומגליקליכער, די עלענדע עלענדער, די פאַרוואָגעלטע פאַר־וואָגעלטער?

דיזע אימיגראַציע טוט אָבער נאָך מער. זי העלפט נאָך פּאַראַרימען די אַלטע איינגעזעסענע. אָרימקייט איז אַן אָנ־שטעקענדע קראַנקהייט. זי פאַרשפּרייט זיך. די אָהערגעקו־מענע מוזען לעבען. זיי מוזען אַרבייטען. און דער רעזולטאַט איז: אַ שאַרפע און ביטערע קאָנקורענצ־ע אויף דעם אַרבייטס־מאַרק, אַן אַראָפּרייסען פון די שכירות ביז צום לעצטען שטאַ־פעל, אַ פרייער מאַרק פון סקעבס; דאָס דריקען די לעבענס־געוואוינהייטען, און דאָס אַרויסטרייבען די בעסער באַצאָלטע אַרבייטער פון די אינדוסטריען. פון דעם קומט, וואָס אין גאַנצע אינדוסטריען ווערען אָפט געביטען די אַרבייטער פון איין נאַ־ציאָנאַליטעט אויף אַנדערע.

„די קאַטאַן טעקסטיל אינדוסטרי אין ניו ענגלאַנד איז פריהער געווען באַזעצט פון ריינע אַמעריקאַנער. די איירישע האָבען די מייסטע פון זיי פאַרטריבען; דאַן זענען געקומען די קענעדער פראַנצויזען און האָבען פאַרטריבען די נאָך איבערגע־בליבענע. ווען ווייטערע קינדער האָבען זיך אַמעריקאַניזירט און האָבען אָנגעהויבען צו פאַרלאַנגען אַ בעסערען לעבען, זענען אָנגעקומען מהגרים פּאָרטוגעזער, גריכען, סיריאַנער, פּאָלאַקען און איטאַליענער, און האָבען געשטערט דאָס העכערען פון דעם געהאַלט. נאָך שפּעטער זענען אַרונטערגעקומען די סקאָטש־איירישע פון די אַפּאַלאַטשיאַן געבערג, און מיט זייערע נידריגע שכירות, לאַנגע שטונדען און קינדער אַרבייט, האָבען זיי נאָך מער אַרונטערגעזעצט די לעבענס־געוואוינהייט. און גאָר צום סוף, הויבט מען אָן צו אימפּאָרטירען איטאַליענער צו פאַרנעמען די פּלעצער פון די אַנדערע. צווייגען פון דער קליי־דער אינדוסטרי אין ניו יאָרק האָבען זיך אָנגעהויבען מיט ענג־לישע און סקאָטישע שניידערס; זיי זענען נאָכהער פאַרטאַפּט געוואָרען פון איירישע און דייטשען, נאָכהער פון רוסישע אי־דען, און איצט האָבען איטאַליענער זיך שטאַרק גענומען צו דעם. אין באָסטאָן האָבען דאָסזעלבע געטאָן די פּאָרטוגעזער, און אין שיקאַגאָ — די פּאָלאַקען, בעהמער און סקאַנדינאַווער. כמעט יעדע גרויסע מאַנופאַקטור אָדער מיינינג אינדוסטריע האָט

דורכגעמאכט דאָסזעלבע: אזוי שנעל ווי א געוויסע נאציאָנאליטעט ארבייט זיך ארויף צו א בעסערען לעבען, קומט אן אנדערע, מיט וועניגער באדערפניסע, און פארטרייבט זי פון פעלד.״*) דער אמעריקאנער קאפּיטאליסט איז א גרויסער פּאטריאָט, אָבער צו דער ארבייט נעמט ער צו דעם, וואָס פארלאנגט קלענערע שכירות.**) פון דעם קומט, וואָס אלע קאפּיטאליסטען פאָדערען פרייע און אומבאשרענקטע אימיגראציע.

אין 1902 איז א רעפּרעזענטאנט פון די סאוטהערען פּאסיפיק אייזענבאן ערשינען פאר א סענאט קאָמיטע מיט דעם צוועק צו אָפּאָנירען די ראמאָלס פאָרגעשלאָגענע באשרענקונג פון אימיגראציע, און ער האָט ערקלערט, אז זיין אייזענבאן איז ניט אימשטאנד צו קריגען א גענוגענדע צאָל ארבייטער. דער גענעראל קאָמיסיאָנער פון אימיגריישאָן האָט דאן געענטפערט: „זאָל די באן צאָלען שכירות צום לעבען און זי וועט באקומען ארבייטער״. די שכירות, וואָס די באן האָט צו יענער צייט געצאָלט, ווי עס איז באוויזען געוואָרען ביי יענער קאָמיטע, איז געווען צווישען $1.16 און $1.59 א טאָג. ראָבערט האָנטער באמערקט צו דעם: „די ארבייטסגעבער, וועלכע געברויכען אלע נידריגע מיטעל צו קריגען אן איבערפלוס פון ארבייטער, כדי דורך זיי צו קענען ארונטערדריקען די שכירות ביז צו דער נידריגסטער מדרגה, דארפען ווערען אריינגערעכענט צווישען די געפערליכסטע מענשען פון יעדען לאנד״.

ביי האָנטער׳ן איז דאָס געווען א פראגע פון מאָראל. די ארבייטסגעבער זענען ביי אים ניט קיין שעהנע מענשען. דער פּונקט איז אָבער א סך וויכטיגער, אזוי וויכטיג, אז ער וועט אריבער אלע אנדערע פראגען צוזאמענגענומען.

די איינוואנדערונגס פראגע, ווי מיר זעהען זי איצט, איז ניט מער און ניט וויינינגער ווי א נייע פאָרמע פון קלאסענ־

---

*) פּראָפעסאָר קאמטאָנס אין זיין בוך: „ראסען און אימיגראנטען אין אמעריקא״.

**) פּונקט ווי עס טוען די אידישע קאָלאָניסטען אין פּאלעסטינא. סדנא דארעא חד הוא. (אומעטום איין וועלט)

קאמף, דער אימיגראנט שפּילענדיג די ראָלע פון דעם פּעשעק אין דעם שפּיל. דער ארבייטסגעבער ווען ער שטרעקט אויס זיינע אָרימס אריבער דעם ים, און שיינט ארומצונעמען מיט ליבע די אונטערדריקטע פון אלע לענדער, טוט ער דאָס מיט דער באהאלטענער כונה צו פארגרעסערען דעם צופלוס פון אי־מיגראנטען, כדי צו פארגרעסערען די מחנה פון ארבייטסלאָזע און אזוי ארום צו שניידען דעם ארבייטסלוין פון זיינע אייגענע לאנדסלייט, ווערענד דער ארבייטער קעמפט מיט אלע מיטעל אָפּצוהאלטען דעם „ליבעראלען“ און מענשענפריינדליכען קאַ־פּיטאליסט אין זיין באמיהונג צו שניידען שכירות מיט דער הילף פון דיזעלבע אונטערדריקטע.

די ארבייטס־געבער געפינען נאָך א גרויסע שטיצע אין די שיפס־קאָמפּאניעס. די שיפס־קאָמפּאניעס ארבייטען אויף זייער אייגענעם שטייגער, פאר זייערע אייגענע אינטערעסען, אָבער עס קומט אויך אינדירעקט ארויס א טובה פאר די ארבייטס־געבער. מען דארף נאטירליך ניט באווייזען, אז א פארקלענער־טע אימיגראציע קיין אמעריקא פארקלענערט אויך די פאר־דינסטען פון די קאָמפּאניעס. א קינד קאָן דאָס פארשטעהן. עס איז פון רעסטווענען אינטערעסאנט דאָ צו פארצייכענען די קייבעלגראם, וואָס די אמעריקאנער צייטונגען האָבען געדרוקט ערשט דעם 13טען אפּריל פון דיזען יאָר. זי לויטעט ווי פאָלגט:

די קונאַרד סטים־שיפּ קאָמפּאַניע, פּונקט ווי די דייטשע שיף ליניעס, האָט שווער געליטען פון דעם, וואָס דער טראַנספּאָרט געשעפט איז געפאַלען דאָס יאָר און וועט ניט זיין אימשטאַנד צו צאָלען דיווידענדען.... דער רעפּאָרט פון דער קאָמפּאַניע ער־קלערט, אַז דער פינאַנציעלער קריזיס אין אַמעריקא האָט פאָל־שטענדיג דעסאָרגאַניזירט דאָס פאָרען קיין אַמעריקא. די צאָל פון דריטע קלאָס פּאסאזשירען אין 1908 קיין אַמעריקא איז געווען ניט מער ווי 335,000, ווערענד אין 1907 איז די צאָל פון דעמזעלבען קלאַס פּאסאזשירען געווען 1,160,000.

פון א פינאַנציעלען קריזיס קאָן זיך די שיף קאָמפּאַניע ניט שיצען. ווען עס האַנדעלט זיך אָבער וועגען געזעצגעבונגען, שלאָפט זי ניט. פארלאָזט זיך אויף איר.

מיט עטליכע יאָר צוריק האָט א הויפּט אגענט פון די

דזשערמאַן ללאָיד סטים־שיפּ קאָמפּאַניע אויסגעשיקט פאָלגענ־
דען בריעף צו אירע פיעל אונטעראבטיילונגען אין דעם גאַנצען
לאַנד:

דער אימיגראַציאָנס פאָרשלאַג קומט פאָר אין קאָנגרעס מיטוואָך. טעלעגראַפירט צו אייער קאָנגרעסמאַן, אויף אונזערע קאָסטען, פּראָטעסטירענדיג געגען די פאָרגעשלאָגענע אויסשליסונג; פארלאַנגט דעם פאָרשלאַג נידערצושטימען, ערקלערענדיג איהם, אַז שטימען פאַר דעם פאָרשלאַג, מיינט זיין אייגענע נידערלאַגע ביי די נעקסטע וואַלען. ה. קלאוסעניוס און קאָ.*)

דאָס וואָס די קאָנגרעס לייט טוען פאַר די שיף קאָמ־פּאַניעס אין אמעריקא, דאָס טוען פאַר זיי די זשאַנדאַרמען אין דייטשלאַנד, די פאַרשידענע שווינדלערס און אגענטען אין גאַנץ אייראָפּא, ווי מען קאָן זעהן פון פאַרשידענע רעגירונגס רע־פּאָרטען.

די אימפּאָרטאַציע פון היינטיגע שקלאַפען געהט אלזאָ צו אויף אַן אַנדער אופן ווי אַמאָל. די שווארצע שקלאַפען פלעגט מען אהער ברענגען מיט געוואַלד, מיט אומערהערטע רציחות, די ווייסע שקלאַפען ברענגט מען אהער מיט נייע מעטאָדען, אויף דעם ציוויליזירטען אופן: מען פאַרנאַרט זיי מיט גוטע רייד, מיט פאַרשפּראָכענע גליקען, מיט גוטע האָפנונגען. די מע־טאָדען זענען אַנדערע, די אכזריות דיזעלבע. געגען דער שוואַר־צער שקלאַפעריי האָבען די ארבייטער ענדליך געקעמפּט מיט דעם שווערד אין האַנט, וואָס קאָנען זיי טון געגען די נייע מעטאָדען?

די „ליבעראַלע" מענשען, די וועלכע ליידען ניט דירעקט, קאָנען זיך פאַרגינען צו מאָראַליזירען און צו געבען עצות. די יוניאָנס דאַרפען זעהן, זאָגט מען, די ניי אַריבערגעקומענע צו אָרגאַניזירען. דאָס איז אַ קלוגע עצה, אָבער צו דער עצה האָבען זיך די ארבייטער געכאַפּט נאָך איידער די מאָראַל פּרעדיגער האָבען איינגעוואַנדערט. וואָס קאָן העלפען דאָס אָרגאַניזירען, ווען נאָך איידער זיי ברענגען די ניי אַריבערגעקומענע צו אַ געוויסער שטופע, קומט שוין אַ נייע כוואַליע פון אימיגראַנטען פון אַן אַנדער לאַנד, מיט אַן אַנדער שפּראַך, מיט אַנדערע

*) ציטירט ביי ראָבערט האַנטער, אין זיין בוך „פּאָווערטי".

זיטען, מיט אנדערע לעבענס־געוואָנהייטען. די ארבייט פון אָר־
גאניזירען מוז זיך אָנהויבען פון דאָס ניי. און יעדעס מאָל ווערט
די ארבייט שווערער.

„דאָס אָרגאניזירען ארבייטער אין יוניאָנס", זאָגט פּראָ־
פעסאָר קאָממאָנס אין דעם שוין דערמאָנטען בוך, „איז געווען
אין דיזען לאנד שווערער ווי אין אלע אנדערע פרייע לענדער.
ביז יעצט איז עס געווען די לייכטסטע זאך פאר א פאַרוואַלטער,
ווען ער האָט מורא געקראָגען אז אגיטאטאָרס זאָלען ניט אָר־
גניזירען א יוניאָן, אריינצופירען א נייע ראסע, מיט א נייער
שפּראך אין דער פאבריק. אין אמת'ן, כמעט דער איינציגער
נייער אויפטו און צייכען פון אָריגינאַליטעט וואָס האָט זיך
געצייגט ביי אמעריקאנער ארבייטס־געבער אין דיסציפּלינירען
זייערע ארבייטער, איז געווען דאָס אויפשפּילען פון איין ראסע
געגען די אנדערע. זיי זענען געוועזען געוועזען שוואך אין גע־
פיהלבארקייט צו זייערע ארבייטער; זיי זענען געווען לאנגזאם
איינצופיהרען מיטלען צו באשיצען דאָס לעבען און געזונט,
אָבער זיי זענען געווען שטארק מיט דער וואפע: „צעטייל און
באהערש". די צאָל ראסען פון וועלכע זיי האָבען געצווינגען איז
צום שטוינען. די הארד קוילען מיינערס נעמען ארום נײַנצעהן
שפּראכען און דיאלעקטען. די ארבייטער פון רער קאָלאָראדאָ
„פיועל און איירען קאָמפּ." באלאנגען צו צוויי און דרייסיג
נאציאָנאליטעטען און רעדען אויף זיבען און צוואנציג לשונות".

ביי אונז איז מען געוואוינט צו רעדען פון די ארבייטערס
קאָנסערוואטיזם. עס איז אמת, די ארבייטער זענען קאָנסער־
וואטיוו. אָבער אין דיזען פאַל איז עס ניט זייער קאָנסערוואַ־
טיזם וואָס טרייבט זיי צו וועלען באשרענקען די איינוואנדע־
רונג. עס איז די מלחמה פאר'ן לעבען, פאר דעם שטיקעל ברויט.
און זאָגאר אין דעם האָבען זיי ווייניגער גליק פון די ארבייטס־
געבער. די קאפּיטאליסטען קאָנען זיך אויסשפּילען אלס די לי־
בעראלע. דאָס איז זייער אינטערעס און זייער פּאָליטיק, זיי
זאָגען אייגענטליך קיינמאָל ניט, אז זיי זוכען בילינע ארבייטער.
זיי רעדען געוועהנליך פון דער רייכקייט פון לאנד, פון די אומ־
אנטוויקעלטע קוועלען א. א. וו. די ארבייטער קאָנען זיך דיזען
לוקסוס ניט פּארגינען. ביי זיי האָנדעלט עס זיך ווענען זייער

עקזיסטענץ. זיי טענה'ן צו די קאפּיטאַליסטען: איהר זייט פאר פּראָטעקציע ווען עס האנדעלט זיך וועגען אריינפיהרען סחורות אין לאנד, דאן זייט איהר ליבעראל און שרייט געגען „פּאופּער מעיד לייבאָר" (געגען ארבייט וואָס ווערט געמאכט פון שנאָ־רערס), איהר האָט אָבער גאָר ניט דאגעגען ווען מען ברענגט אהער די „פּאופּערס" אליין. איהר באנוצט נאָך אלע מעגליכע מיטעל, די „פּאופּערס" אהער צו פארנארען.

און דעמזעלבען תירוץ זאָגען זיי אויך צו די אינטער־נאציאָנאלע סאָציאליסטען. איהר, זאָגען זיי, האלט אונז פאר דעם פּסוק: „ארבייטער פון אלע לענדער פאראייניגט אייך!" אָבער דאָס איז גראדע וואָס מיר טענה'ן צו די ארבייטער פון אלע לענדער. מיר שרייען: „ארבייטער פון אלע לענדער פאראיי־ניגט אייך!" ווארום קומט איהר אהער און העלפט די קאפּיטאַ־ליסטען אין זייער קאמף געגען אונז? ווארום העלפט איהר זיי ארונטערצודריקען אונזערע שכירות. דער קאפּיטאליזם באַ־שאפט איבעראל א באשטענדיגע מחנה פון ארבייטסלאָזע, אפילו אין די לענדער וואו דער צואוואוקס פון ארבייטס קראפט געהט צו אויף א נאַטירליכען אופן — אויך אין די לענדער איז אימער דאָ א פראגע פון אומבאשעפטיגטע, הייגט ווי מוז שוין דאָס זיין אין אמעריקא, וואו דער צואוואוקס איז אזוי אומנאטירליך, וואו אין איין יאָר קאָן צוקומען א מיליאָן ארבייטער פון דרויסען?

דער אמעריקאנער ארבייטער זאָגט דאָס אלעס ניט מיט די ווערטער, ווי זיי שטעהען דאָ געשריבען, אָבער דאָס איז דער תמצית פון זיינע טענות. איבריגענס, האָט סעמיועל גאָמ־פּערס אויף א קאָנווענשאָן פון דער אמעריקאן פעדערייש־אָן אוו לייבאָר זיך אויסגעדריקט אין דיזען זינען. און מען מוז צוגעבען אז אין דיזע טענות שטעקט פיעל אמת. אין קיין לאנד ווערען סטרייקס ניט אונטערדריקט אזוי לייכט, אזוי שנעל און אזוי גרינגליך ווי אין דיזען לאנד. מיט עטליכע יאָהר צוריק, ביי דעם האפען סטרייק אין האמבורג, האָבען די שיף קאָמ־פּאניעס געלאָזט ברענגען ענגלישע סקעבס צו צעברעכען דעם סטרייק. דאן האָט די גאנצע וועלט געקאָכט מיט דעם. די ענג־לישע ארבייטער האָבען זיך געשעמט און פארטיידיגט; די

דייטשען האָבען פּראָטעסטירט; פּראָפעסאָרען האָבען געשריבען טיפזיניגע באַטראַכטונגען וועגען דעם פאַקט. אין אַמעריקא קומט דיזער פּראָצעס פאָר טאָג טעגליך און קיינער רעדט ניט א וואָרט. און ווען די ארבייטער, וועלכע ליידען דירעקט פון דעם, פּראָטעסטירען, האלט מען זיי פאר קאָנסערוואַטיווע, ענגאַיסטישע מענשען. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען מער ווי איין מאָל, דאָס אין אלע אינדוסטריען זענען דירעקט אימ־פּאָרטירט געוואָרען סטרייק ברעכער. דאָס איז אָבער גאָרניט נויטווענדיג. יעדען טאָג קומען אָן טויזענדער קאַנדידאַטען פאר סטרייק ברעכער. די „פּאדראָני סיסטעמע״ ביי די איטאַליע־נער, און די שוויץ סיסטעמע ביי די אידען העלפען שטארק דערצו. זאָגאר די טשאריטיס (די אָרגאַניזירטע בעלי צדקות) האָבען מער ווי איין מאָל צוגעשטעלט סטרייק ברעכער.

דער טרייד־יוניאָניזם שטעהט הילפלאָז געגענאיבער דיזען מעכטיגען שטראָם. ער קאָן זיך שווער אָן עצה געבען מיט די גרויסע כוואַליעס אימיגראַנטען וואָס קומען אָן טעגליך פון אַלע זייטען.

דאָס שיינט מיר איז די ריכטיגע אורזאַך ווארום דער טרייד יוניאָניזם איז פארהעלטניסמעסיג שוואַך אין דיזען לאַנד.

אָבער ווען דאָס וואָלט אפילו ניט געווען דער פאַל, ווען זאָגאר אַלע אימיגראַנטען זאָלען באלד צוזאָמענגעהן נאָך זייער אָנקומען אריינטרעטען אין די יוניאָנס, וואָלט די זאַך ניט געווענען פיעל בעסער. די יוניאָן קאָן העכסטענס רעגולירען די שכירות און די ארביימס צייט. זי קאָן אָבער ניט פאַרשאַפען ארביים פאר צענדליגע טויזענטער פרישע ארבייטער וואָס קו־מען אָן יעדען מאָנאט אומגעריכט, און א יוניאָן מיט א גרויסער צאָהל ארבייטסלאָזע קאָן זיך לאַנג ניט האַלטען. עס וואָלט זיך געמוזט אָנפאַנגען א קאָנקורענץ קאַמף אין דער יוניאָן גופא.

וואָס קאָן דער ארבייטער טון? ער האָט געגען זיך צוויי מעכטיגע שונאים: די שיף־קאָמפּאַניעס און די ארבייטסגע־בער. זיי באַנוצען אלע מיטלען די אימיגראַנטען אהער צו ברענ־גען. ער שטעהט הילפלאָז דאָ. און אין זיין פארצווייפלונג ווענדט ער זיך צו דער געזעצגעבונג.

אויף וויפיעל דאָס העלפט איהם, ווען מיר שפּעטער זעהן, מיר קאָנען אָבער איהם ניט פאראורטיילען ווען ער זוכט מיטלען זיך צו שיצען מיט דעם געזעץ.

אויף וויפיעל דאָס אלעס איז אמת, אויף וויפיעל די אומשטענדען טרייבען דעם אמעריקאנער ארבייטער צו זיין אָפּאָזיציע געגען איינוואנדערונג, קאָן מען זעהן פון דעם, וואָס ניט נאָר איז דער איינגעבוירענער אמעריקאנער ארבייטער געגען אימיגראציע, נאָר אפילו די אידישע ארבייטער, אָט די זעלבע פארפאָלגטע און געפּלאגטע רוסיש־אידישע ארבייטער וואָס זענען ערשט נעכטען אליין געווען אימיגראנטען, קאָנען דעם דרוק מעהר ניט איבערטראָגען. אומגלויבליך ווי דאָס זעהט אויס צו זיין, איז עס דאָך א פאקט, אז אויך די אידישע ארבייטער זענען אין דער אומגליקליכער לאגע פון צייט צו צייט ארויסצולאָזען א וועה געשריי. אויך זיי מוזען צוגעבען דאָס טראָץ דעם, וואָס זיי זענען אליין אימיגראנטען, קאָנען זיי ניט אויסהאלטען דעם באשטענדיגען דרוק פון די נייע אריבערגעקומענע.

אין 1905, נאָך א פארלוירענעם סטרייק, האָט די דזשענעראל עקזעקוטיוו פון די יונייטעד גארמענט וואָירקערס, אלע אידען, אלע, מיט דער אויסנאַם פון איינעם, רוסישע אידען, אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציע:

> באשלאָסען: די אומערהערטע באוועגונג פון די אָרימסטע פון אייראָפּא נאָך אמעריקא אין די לעצטע דריי יאָהר האָט אין גאַנצען געענדערט די פריהעריגע סאָציאלע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע זייטען פון דער אימיגראציאָנס פראגע. דער אומגעהייערער צופלוס צו די רייהען פון די קאָנקורירענדע לוין ארבייטער, וואָס באשטעהט מייסטענס פון אומבאשעפטיגטע, אָדער נאָר טיילווייז באשעפטיגטע ארבייטער, פאר זעהר אומזיכערע שכירות, דריקט אַרונטער די לעבענס־געוואוינהייט (סטאנדארד אָף לייף) פון די אַרבייטער מאַסען אין דיזען לאַנד, און גיט ניט קיין האָפנונג, ווען עס איז אויפצוהויבען דיזע גרויסע מאַסע צו אַ העכערער שטופע. דאָס איבערפילען פון דעם אַרבייטסמאַרק איז געוואָרען אַ שטערונג צו פיעל טרייד יוניאָנס, ספּעציעל צו די וועניגער־געלערנטע מלאכות. זעהר וועניג גוטס קאָן אַרויסקומען פאַר דער גרויסער צאָל וואָס דאַרפען

נאָך קומען, ווען די פּראָפּאָרציע פון די אימיגראַנטען וועט זיך רק פאַרגרעסערען; דיזע נייע אימיגראַנטען זענען ניט אימשטאַנד אינטעליגענט צו קעמפען פאַר זייערע רעכט אין דיזער רעפּובליק, צו וועמעס משא הוי לעגען נאָך צו זייער פּעקעל. דער גורל פון דער מאַיאָריטעט פון די איינגעוואַנדערטע אַרבייטער, וואָס זענען שוין דאָ, האָט צום בעסטען באַוויזען, אַז אימיגראַציע קען ניט לעזען די אלוועלטליכע פראַגע פון אָרימקייט.

באַשלאָסען: דאָס מיר רופען די אַמעריקאַנישע טרייד יוניאָנס זיך שטאַרק אַנטקעגען צו שטעלען דעם נייעם פּלאַן די רעגירונג זאָל צעשפּרייטען די אימיגראַנטען, וואָרים דאָס וואָלט געווען דער לייכטסטער מיטעל דירעקט און ביליג צוצושטעלען סטרייקברעכער פאַר די אָרגאַניזירטע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע זוכען איצט די פאַרניכטונג פון די טרייד יוניאָנס.

באַשלאָסען: דאָס מיר פאַרדאַמען אַלע פאָרמען פון אונטערשטיצטער אימיגראַציע, סאַי דורך די פילאַנטראָפּען אָדער דורך אַנדערע.

באַשלאָסען: דאָס מיר וואָרענען די אָרימע פון דער גאַנצער וועלט פון צו קומען אַהער מיט פאַלשער האָפנונג. מיר האַלטען עס פאַר אַ חוב זיי מודיע צו זיין, אַז די עקאָנאָמישע סיטואַציע אין דיזען לאַנד ענדערט זיך מיט דערזעלבער שנעלקייט, ווי די מעטאָדען פון אינדוסטריע און האַנדעל.

באַשלאָסען: דאָס וואָס אַנבעלאַנגט אימיגראַציע, פאָדערען מיר פון דער רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען, זי זאָל באַשיצען די אַרבייטער, וואָס זענען איצט אין אַמעריקאַ. מיר ווינשען, דער קאָנגרעס זאָל 1) אָדער אין גאַנצען אָפּשטעלען די אימיגראַציע פאַר אַ משך פון יאָהרען; אָדער 2) מאַכען אַזעלכע באַשרענקונגס געזעצען, וועלכע וועלען אויסשליסען די אומוויסענדע; אויך אַרויפלעגען אַזאַ קאָפּ־שטייער, וואָס זאָל באַצאָלען אַלע קאָסטען פון זייער לאַנדען, און זאָל אויך זיין גענוג צו באַצאָלען די קאָסטען פון צוריקשיקען די וואָס וועלען פאַלען צו לאַסט אין אַ באַשטימטער צייט.

עס איז ניט וויכטיג פעסטצושטעלען וויפיעל פון די אידישע אימיגראַנטען וואָלטען ווירקליך אונטערגעשריבען דיזע

רעזאָלוציע, עס איז אויך ניט וויכטיג צי די וואָס האָבען זי פארפאסט האָבען רעכט אָדער ניט. עס איז וויכטיג דער פאקט, אז אזא רעזאָלוציע האָט געקאָנט פארפאסט ווערען פון אר־ביימער, פון אימיגראנטען, פון אידישע אימיגראנטען, פון רו־סיש־אידישע אימיגראנטען. דאָס איז א וועה־געשריי וואָס דריקט אינסטינקטיוו אויס א שווערע סיטואציע, וואָס שטעלט ארויס בולט די וויכטיגקייט פון דער פּראָבלעמע. און יעדער איינער וואָס איז באקענט מיט דער לאַגע פון די אידישע ארביי־טער אין דיזען לאנד, מיט דעם שווערען עקזיסטענץ קאמף וואָס די אידישע יוניאָנס האָבען דורכצומאכען, וועט צוגעבען, אז דיזער געשריי איז בארעכטיגט. אָבער דיזע רעזאָלוציע באַ־ריהרט אויך די צווייטע זייט פון דער פּראָבלעמע: „דער גורל פון דער מאיאָריטעט פון די איינגעוואנדערטע ארבייטער וואָס זענען שוין דאָ האָט צום בעסטען באוויזען, אז אימיגראציע קאָן ניט לעזען די אלוועלטליכע פראגע פון אָרימקייט", זאָגט די רעזאָלוציע. מיט אנדערע ווערטער: ניט נאָר שטערט די אי־מיגראציע די וואָס זענען שוין דאָ, עס העלפט אויך ניט די אימיגראנטען אליין. ראָבערט האָנטער זאָגט דאָס זעלבע פאר־קערט: לאָ די וואָס די אימיגראנטען ווערען ניט געהאָלפען, וואָס זייער אָרימקייט דאָ ווערט ניט געמינדערט, העלפט דאָס נאָך צו פאראָרעמען די וואָס זענען שוין דאָ פון פריהער.

דאָס אלעס געזאָגטע איז ניט די אָריגינעלע ארגומענטאַ־ציע פון דעם שרייבער פון דיזען. עס איז נאָר א ווידערהאָלונג פון די אמעריקאנער טענות געגען אימיגראציע, מיט דעם אונ־טערשיד: די אמעריקאנער ברענגען דיזע טענות אלס ארגו־מענטען געגען אימיגראציע, דאָ ווערען די טענות ארויסגעבראכט אום צו באווייזען די וויכטיגקייט פון דער פּראָבלעמע, אום צו ווייזען, אז די פריינד פון אימיגראציע דארפען זיך ניט מאכען די זאַך לייכט. צי אלע טענות זענען גערעכט, צי ניט, די פראגע איז א וויכטיגע, די ארגומענטען זענען שטארקע, און מען מוז ניט דוקא זיין עגאָאיסטיש אָדער קאָנסערוואטיוו זיי פאָרצובריינגען. מען קאָן דאָס טון מיט א גאנץ ריינעם געוויסען. אין אמת'ן, די אמעריקאנער געלערנטע און פובליציסטען וואָס באשעפטיגען זיך מיט דער פראגע, זענען זעהר געוויסענהאפט

אין דער הינזיכט. עס איז א פארגעניגען צו זעהען מיט וואָס פאר אן ערנסט, אומפּארטייליכקייט און ליבעראליזם די מענשען באהאנדלען די פראגע.

עס איז דאדורך ניט גענוג זיך צו חקרנ'ען נאָר ווענען דעם אימיגראנט, ווי אונזערע גוטע פריינד טוען אָפט, און ווי זיי טוען אָפט צו געווינען פּאָפּולאריטעט. די ביליגע פּאָפּולאריטעט, אויף דעם חשבון פון אמת, שאדט די, וועמען די פּאָפּולאריטעט־זוכער מיינען צו העלפען. מען מוז ניכער זוכען צו פארשטעהן דעם שטאנדפּונקט פון דעם פאָלק צו וועמען דיזע אימיגראנטען קומען. ווארים דאָס פאָלק האָט ניט נאָר די פּראָבלעמע פאר זיך, עס האָט אויך דאָס רעכט, און הויפּטזעכליך די מאכט, די פראגע צו לעזען אויף דעם אייגענעם אופן.

---

מיר קומען איצט צו דעם צווייטען פּונקט: ווי אין דיזע וויכטיגע פראגע פון אימיגראציע פארענטפערט געוואָרען ביז היינט?

אויף דיזער פראגע וואָלט מען אייגענטליך געקאָנט געבען א קורצען ענטפער: פון דעם יאָהר 1820 ביז יולי 1908, אין 89 יאָהר, זענען אהער געקומען 26,100,937 אימיגראנטען. און מאָמער וואָלטען די ציפער ניט געווען גענוג, קאָן מען דעם ענטפער מאכען נאָך שטארקער. די געזעצגעבונג געגען אימיגראציע האָט זיך אָנגעהויבען אין די אכציגער יאָהרען פון דעם לעצטען יאָהרהונדערט, און ניט קוקענדיג אויף דעם, זענען פון דעם יאָהר 1881 ביז יולי 1908, אלזאָ אין די לעצטע 28 יאָהר, אָנגעקומען 15,995,207 אימיגראנטען. קנאפּע 16 מיליאָן אימיגראנטען אין 28 יאָהר! נאָך אזא ביישפּיעל פון איינוואנדערונג קאָן די מענשליכע היסטאָריע ניט אָנצייגען.

דיזע 16 מיליאָן מענשען זענען ניט אלע געבליבען אין אמעריקא. פיעל פון זיי האָבען דאָס לאנד ווידער פארלאָזען, אָבער דאָס ענדערט ניט דעם פאקט, אז דיזע אומגעהייערע צאָל מענשען איז אין דעם לאנד אריינגעלאָזען געוואָרען אין א פארהעלטניסמעסיג קורצער צייט.

און דער שטראָם האָט ניט אויפגעהערט. ער האלט אין איין פליסען.

מיט דעם וואָלט מען איינגענטליך געקענט אָפּ׳פּטר׳ען די פראגע. אזא ענטפער וואָלט אָבער ניט צופרידענגעשטעלט אלעמען, ספּעציעל ניט די שרייער פון וועלכע מיר האָבען גע־רעדט אין דעם אָנפאנג פון דיזער אָפּהאנדלונג. דער געשריי איז דאָך איינגענטליך, אז ביז איצט איז אמעריקא געווען אָפען פאר אלעמען, ווערענד היינט וויל מען פארשפּארען די טירען.

מיר מוזען דאדורך זיך באשעפטיגען, אין קורצען נאטיר־ליך, מיט א ביסעל היסטאָריע.

אין א געוויסען זין קאָן מען זאָגען: די היסטאָריע פון אמעריקא, איז די היסטאָריע פון דער איינוואנדערונג קיין אמע־ריקא. די איינוואנדערונג קיין אמעריקא איז אימער באטראכט געוואָרען אלס א ברכה פאר דעם לאנד. פארשידענע מיטעל זע־נען פון אלע צייטען אָן אָנגעווענדעט געוואָרען אהערצוקריגען וואָס מער אימיגראנטען. צו דערזעלבער צייט קאָן מען אָבער ניט זאָגען, אז עס איז קיינמאָל ניט געווען קיין אָפּאָזיציע צו דער איינוואנדערונג, גראד ווי עס איז ניט אמת, אז היינט וויל מען פארמאכען די טירען. עס איז נאטירליך, דאָס מיט דעם אומגעהייערען צוואוואקס פון אימיגראציע זאָל אויך וואקסען די אָפּאָזיציע, אָבער אזא אָפּאָזיציע שטייגט ניט אריבער איהר נאטירליכער פּראָפּאָרציע.

באלד אין דעם אָנפאנג פון אונזער היסטאָריע האָבען זיך שוין געהערט וויכטיגע שטימען געגען אימיגראציע. „וואשינג־טאָן האָט געצווייפעלט אין דער ראטזאמקייט פון אימיגראציע, מיט דעם אויסנאם פון געוויסע געלערענטע ארבייטער. ער איז געווען דאגעגען פּרעמדע זאָלען פארנעמען שטעלען אין דער פע־דעראלער רעגירונג, מיט אויסנאם פון לאפאיעט".

אין 1798 יאָהר, אונטער דער פּרעזידענטשאפט פון דזשאָן אדאמס, דעם צווייטען פּרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאַ־טען, איז אָנגענומען געוואָרען א נאטוראליזיישאָן געזעץ, נאָך וועלכען א פרעמדער האָט געמוזט לעבען 14 יאָהר, אָנשטאָט 5 יאָהר, ווי עס איז געווען ביז דאן, אין די פאראייניגטע שטאַ־טען, איידער ער האָט געקענט ווערען א בירגער. די „אליען און סעדישאָן" געזעצען זענען געווען נאָך פיעל שטרענגער. נאָך דעם האָט דער פּרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאאטען גע־

האט דאָס רעכט צו לאָזען ארעסטירען און ארויסצושיקען פון לאנד יעדען פרעמדען פון אן אומרוהיגען כאראקטער. דיזע געזעצען, אמת, זענען געוועזן דער רעזולטאט פון אמעריקאנער פּארטיי פּאָליטיק; זיי זענען אָנגענומען געוואָרען מיט דעם צוועק זיך לייכט צו קענען באפרייען פון דער אָפּאָזיציע צו דער נייער רעגירונג. דיזע געזעצען האָבען אויך ארויסגערופען א שטורם פון פּראָטעסט, און האָבען ענדליך געפירט צו דעם אונטערגאנג פון דער פעדעראליסטישער פּארטיי. עס איז כאַראקטעריסטיש, אז דיזער פּארטיי קאמף האָט אָנגענומען די פאָרמע פון געזעצען געגען פרעמדע.

דזשעפערסאָן איז געוועזן דער ביטערסטער שונא פון דער פעדעראליסטישער פּארטיי, ער איז אָבער געוועזן איינשטימיג מיט זייער טאקטיק געגען איינגעוואנדערטע. אין זיינע „נאָטען איבער ווירדזשיניא" שרייבט ער: „ווי לאנג מיר האָבען לאנד צו באארבייטען, לאָמיר קיין מאָל ניט ווינשען צו זעהן אונזערע בירגער באשעפטיגט ביי א ווערקשטאט, אָדער דרעהענדיג א פּראסעליצע.... זאָל אונזער ווערקשטאט זיין אייראָפּא. עס איז בעסער צו פירען לעבענסמיטעל און מאטעריאלען צו זיי, איידער מיר זאָלען זיי ברענגען צו די לעבענסמיטעל און מאטעריאלען, און מיט זיי צוזאמען, זייערע מאנירען און פּרינציפּען....."

די הארטפאָרדער קאָנווענשאָן אין 1812 האָט ערקלערט: „די באפעלקערונג פון דיזע שטאטען איז פאָלשטענדיג געניגענד צו מאכען פון דיזער נאציאָן, אין פארלויף פון דער צייט, גענוג גרויס און מעכטיג".

זעהר אינטערעסאנט איז דער רעפּאָרט פון די פערוואלטער פון „די חברה צו פארהיטען אָרימקייט אין דער שטאָט ניו יאָרק". פון דעם קאָן מען זעהן, אז שוין אין 1819 יאָהר האָט זיך געהערט דיזעלבע קלאגען, כמעט מיט דיזעלבע ווערטער, וואָס היינט:

דאָס איז וואָס דער רעפּאָרט שרייבט:

ערשטענס, מכח די עמיגראנטען פון פרעמדע לענדער, זע־נען די פערוואלטער געצוואונגען צו רעדען פון זיי מיט דער שפּראך פון ערשטוינען און שרעק. פון דיזער זייט סטראשעט אונז די אָרימקייט מיט איבערוועלטיגענדע פאָלגען. דורך פאר־

שידענע אורזאכען איז די שטאָט ניו יאָרק פאַר׳משפּט צו זיין דער אָפּלאָגס־אָרט פאַר א גרוסען טייל פון דער איוראָפּעאישער באפעלקערונג, וועלכע קומט אָן יעדען טאָג אין מחנות זיך דאָ צו באזעצען.... די איצטיגע לאַגע אין איוראָפּא העלפט אויף טויזענטער וועגען צוצושטעלען אָן אומאויפהערליכע אימיגראַציע נאָך די פאראייניגטע שטאַטען. אַ כמעט אומצעהליגע באפעלקערונג אויף דער אַנדערער זייט ים איז אָהן אַרבייט.... דיזעס לאַנד איז דער זאמלונגס־אָרט פון אַ גרויסער צאָל פון די נויטבאַדירפטיגע און אָרימזעליגע באַשעפענישען. טויזענטער לעגען כסדר אָפּ זייער לעצטע האָפנונג אויף דער רעטונג, וואָס באַט זיך זיי דאָ אָן, אויסגעפילט מיט חלומות פון רייכטום און לוקסוס.... כאַפּען זיי זיך אָן אָן דער ערשטער געלעגענהייט אַריבערצופאָרען דעם ים און זיך צו באזעצען אויף אונזערע ברעגעס.... וואָס איז געווען דער ציל פון דיזען אומגעהייערען צוזאוואקס צו אונזער באפעלקערונג, און וואו איז עס איצט? פיעל פון די פרעמדע האָבען אפשר געפונען באַשעפטיגונג; אייניגע האָבען זיך אודאי אוועקגעלאָזט טיפער אין דעם לאַנד, אָבער טויזענטער זענען געבליבען צווישען אונז. מען געפינט זיי אָפט פארלאָזען אין די גאַסען; זיי האַקען אָפּ אונזערע טירען זוכענדיג אַרבייט; מען געפינט זיי אין אונזערע אָרימהייזער און אין אונזערע שפּיטעלער; מען געפינט זיי ביי דעם טיש פון אונזערע קרימינאל געריכטען, אין אונזערע שטראָף־הייזער, אין אונזערע תפיסות. און מיר באַדויערען צו מוזען זאָגען, אז זיי ווערען צו אָפט געפירט פון אָרימקייט, פאַרדאָרבענהייט און געוואוינהייט צו פאָרמירען א געשלאָסענע מתנה פון פלינדער און רויב, מאַכענדיג אונזער שטאָט מסוגל צו דער פאָרמערונג פון פאַרברעכען, און אונזערע תפיסות מער געפּאַקט מיט פאַרברעכער און פאַראורטיילטע....*)

און נאָך אינטערעסאנטער איז, אז מיט צוויי יאָהר פריהער איידער דער אויבענציטירטער רעפּאָרט איז געוואָרען געשרי־

*) ציטירט ביי קעיט ר. קלאַגהאָרן, אין דעם רעפּאָרט פון דער אינדוסטריעלער קאָמיסיע איבער אימיגראַציע, 15טער באַנד, זייט .449

בען, אין 1817, אין דער צייט ווען די באפעלקערונג ארום די אטלאנטישע ברעגעס איז געווען א נארסט, האָט מען שוין גע־זוכט דיזעלבע רפואות וואָס היינט, ארויסצוקריגען דעם אימי־גראנט פון די „איבערפילטע“ שטעט.

פאָלגענדעס איז געשריבען געוואָרען אין 1817:

„מיר האָבען נאָך גענוג פּלאַץ; זאָלען זיי קומען... אָבער די אימיגראנטען זאָלען זיך לאָזען ווייטער אין דעם לאנד. ווי די לאגע איז איצט, שיינט, אז מיר זענען שוין צו דיק באזעצט אין די שטעט ארום דעם ים. ווייטער, אינעווייניג, איז נאָך דאָ גענוג פּלאַץ און איינטרעגליכע באשעפטיגונג פאר אלע, אין כמעט יעדען צווייג פון מסחר, און פרעמדע זאָל מען צו־רעדען דאָס צו זוכען דאָרט“.

מיר זעהען שוין פון דעם, אז די אימיגראציאָנס פראגע האָט שוין דאן ניט געלאָזט רוהען דעם אמעריקאנער. אָבער צו קיין וויכטיגע רעזולטאטען איז מען ניט געקומען.

א שטארקע, א מעכטיגע באוועגונג געגען אימיגראציע איז ערשט אויסגעבראָכען אין די דרייסיגער און פערציגער יאָהרען פון דעם לעצטען יאָהרהונדערט, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרען פון די „נאָו־נאָטהינג“ פּארטיי. אָנגעהויבען האָט זיך די באוועגונג, ווי אלע אזעלכע באוועגונגען, מיט א פּרינ־ציפּיעלען אונטערשלאג פון פּאטריאָטיזם, אומאיינגענוציגע שטרעבונג און ריינקייט פון רעליגיע.

די באוועגונג איז געפירט געוואָרען געגען דער קאטוילישער קירכע. עס האָט געהייסען, דער פּאפּסט פון רוים האָט זיך פארבונדען מיט די קאטוילישע מעכטע פון אייראָפּא צו פאר־ניכטען די פרייע אינסטיטוציעס פון אמעריקא. און עס האָט ניט געפעהלט קיין באווייזע פאר דעם. עס איז געווען די צייט פון שטארקער אימיגראציע און פיעל פון די אימיגראנטען זענען געווען קאטוילּיקען. מיט זייער קומען אהער איז אויך געקומען די קאטוילישע קירך, גלחים, היילינע שוועסטער און אלעס אנ־דערע, וואָס באלאנגט צו דער קאטוילישער רעליגיע. פיעל טינט איז פארגאָסען געוואָרען צו באווייזען ווי די קאטוילישע קירך וויל פארכאפּען גאנץ אמעריקא. דאָס איז אָבער ניט געווען דאָס ערנסטע. נאָך דער טינט־פארגיסונג איז געקומען בלוט־פארגי־

סונג. שוין אין 1830 איז א קאטוילישע קירך אויף שעריף סטריט, אין ניו יאָרק, צעראבירט און פארברענט געוואָרען. אין פארלויף פון דער צייט איז דיזע באוועגונג געגאנגען וואָס אמאָל ווייטעל, ביז עס איז געקומען צו אמת'ע, קשרה פּאָגראָמען, פּאָגראָמען ביי וועלכע פיעל מענשען זענען אומגעקומען, פילע קאטוילישע קירכען פארניכטעט און פארברענט געוואָרען; פּאָגראָמען ווי מיר האָבען דערלעבט צו זעהן אין רוסלאנד און אין טערקיי די לעצטע יאָהרען.

. אָבער דאָס אלעס האָט די אימיגראציע ניט אָפּגעהאלטען. דער קארטאָפעל הונגער אין אירלאנד צווישען 1845—1850; די פּאָליטישע רעוואָלוציעס אין אייראָפּא פון 1848; דאָס געפינען פון גאָלד אין קאליפאָרניען אין דעמזעלבען יאָהר, האָבען אהער געבראכט א שווארם פון אימיגראנטען, וואָס האָט איבערגעשטיגען אלע ערווארטונגען. „פון 30 טויזענט אימיגראנטען אין 1830 איז די צאָל געוואקסען ביז איבער 60 טויזענט אין 1836. פאר די צעהן יאָהר פון 1830 ביז 1840 איז אין נויאָרק אליין אָנגעקומען איבער א האלבען מיליאָן אימיגראנטען, אן אומגעהייערע צאָל פאר יענער צייט". פון 1840 ביז 1850 זענען אָנגעקומען מער ווי אנדערהאלבען מיליאָן.

די באוועגונג געגען די פרעמדע און געגען דער קאטוילישער רעליגיע האָט דאדורך אָנגענומען א פּאָליטישען כאראקטער און האָט זיך ביסלעכווייז אָרגאניזירט אין א פּאָליטישער פארטיי מיט באשטימטע פאָדערונגען.

די פארטיי איז שפּעטער באקאנט געוואָרען אונטער דעם נאָמען Know Nothing (ווייסען גאָרניט). דיזער נאָמען איז געקומען פון דעם, וואָס די פארטיי איז געווען א געהיימע, און ווען מען האָט א מיטגליד געפרעגט וועגען זיין פארטיי, האָט ער געענטפערט: „איך ווייס ניט".

די ערשטע צייטען האָט די פארטיי געהאט א גרויסען ערפּאָלג. שוין אין 1845 האָבען זיי געוועהלט זעקס קאָנגרעסלייט פון ניויאָרק און פילאדעלפיא. דאָס איז אָבער נאָר געווען דער אָנפאנג פון זייער טעטיגקייט. ריכטיג באקאנט איז די נאָו־נאטהינג פארטיי ערשט געוואָרען אין 1852, און אין 1854 האָט די פארטיי געוואונען די וואלען אין מאסאטשוזעטס און

רעלאווער, און האָט נעצווינגען א גרויסע צאָהל שטימען אין נר־יאָרק; אין 1855 האָט דיזעלבע פּארטיי געוועהלט גאָווערנערען און לעניסלאַטורען אין נויאָרק און אין פיר נייע ענגלאנד שטאַטען ין דער סוימה. אין 1856 האָט די פּארטיי שוין ארויס־געטראָטען אלס נאציאָנאלע פּארטיי, מיט מילארד פילמאָרע אלס קאנדידאט פאר פּרעזידענט, וועלכער האָט נעצווינגען 874,504 שטימען. אין רעמזעלבען יאָר האָבען אכט פון די דאָ־מאָלסדיגע 32 שטאַטען געהאט נאטיוויסטישע גאָווערנערען; א יאָר שפּעטער, 1857, אין דעם 35טען קאָנגרעס, האָט די פּאר־טיי געהאט 5 סענאטאָרען און פערצען רעפּרעזענטאנטען, און אין דעם 36טען קאָנגרעס זענען שוין געזעסען דריי און צוואנ־ציג רעפּרעזענטאנטען אין קאָנגרעס, ווערענד די צאָל פון סע־נאטאָרען איז געפאלען אויף צוויי.*)

זעה זייט 206 און ווייטער

די גרויסע פראגען וועגען שקלאפעריי און די גאנצקייט פון דער יוניאָן (די פאראייניגטע שטאַטען), וועלכע האָבען זיך שוין דאן צעפלאקערט, האָבען אין גאנצען פארטונקעלט די נאָ־נאטהיגג באוועגונג, ביז די פּארטיי איז ענדליך צעפאלען אין שטיקלעך, ביז עס איז פון איר גאָר ניט געבליבען.

אנטי־אימיגראציע באוועגונגען זענען אלזאָ ניט קיין נייעס אין דיזען לאנד. גאנץ ריכטיג באמערקט דער באוואוס־טער היסטאָריקער, פּראָפעסאָר מאק־מאסטער: „מען קאָן מיט זיכערהייט זאָגען, אז די מורא פאר דעם נאטוראליזירטען ביר־גער איז קיינמאָל ניט געווען אין גאנצען אָפּוועזענד פון אונ־זער פּאָליטישען לעבען, און די מורא האָט אימער אויסגעבראָ־כען נאָך א פּעריאָדע פון א גרויסען צואוואקס פון איינוואנ־דערונג“.

דיזע אגיטאציע און אויסברוכען האָבען אָבער קיינמאָל ניט געשטערט די איינוואנדערונג, עס האָט אפילו ניט געשטערט די רעגירונג זאָל טיילמאָל ספּעציעל איינלאדען אימיגראנטען.

אין צייט פון בירגער קריג, צווישען 1861 און 1865, איז

---

*) Immigration by Prescot F. Hall

די אימיגראציע שטארק געפאלען. דער קריג האָט געקאָסט די לעבענס פון אומגעפער א מיליאָן מענשען, דאָס לאנד איז גע־ ווען רואינירט, די פעלדער זענען געשטאנען וויסט, עס האָט זיך געפיהלט א שטארקער מאנגעל אין ארבייטסקרעפטען, און דאָס אמעריקאנער פאָלק, דורך זיינע פארטרעטער, האָט זיך ווידער געווענדט צו איירָאפּא נאָך ארבייטסקרעפטען.

1864 האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען א געזעץ אויפצומונ־ טערען אימיגראציע. דאָס געזעץ איז אָבער ניט לאנג געווען אין קראפט. פיר יאָר שפּעטער, 1868, איז דאָס געזעץ צוריק־ גערופען געוואָרען, אָבער עס האָט געבראכט די געוויגשטע רע־ זולטאטען. שוין אין 1866 איז די אימיגראציע געשטיגען אויף איבער 330,000 אין איין יאָהר. מאנכע זענען אין דער מיינונג, אז דיזעס געזעץ —האָט מיט זיך געבראכט די אלע צרות, אויף וועלכע די געגנער פון אימיגראציע באקלאָגען זיך.

דיזעס געזעץ האָט אין זיך געהאט א פּונקט נאָך וועלכען אן ארבייטער אין אויסלאנד האָט געקענט פאר׳משכנ׳ען זיינע שכירות ביז א יאָר, וואָס ער וועט פארדינען אין די פאראיי־ ניגטע שטאטען. דיזער פּונקט האָט געגעבען די ארבייטסגעבער די מעגליכקייט צו געבען געלט אין פאָראויס פאר פרעמדע אהערצוקומען. און אייניגע באהויפּטען, אז דאָס איז געווען דער אָנפאנג פון די „פּאדראָני סיסטעם“. דאָס געזעץ פון 1885, וועלכעס פארבאָט אריינצולאָזען קאָנטראקט ארבייטער איז אָנ־ גענומען געוואָרען צו שטערען די ווירקונג פון יענעם געזעץ פון 1864, וועלכעס איז צוריקגערופען געוואָרען אין יאָר 1868.

יאָרען נאָך דיזען איז אין אמעריקא קיינע אימיגראציאָנס־ געזעצגעבונג ניט געווען, ביז עס זענען ארויפגעקומען די אָר־ גאניזירטע ארבייטער אויף דער סצענע.

די ערשטע אגיטאציע איז געווען געריכטעט געגען די כי־ נעזער. אָדער ריכטיגער, דעם ערשטען ערפאָלג וואָס די אר־ בייטער האָבען געהאט מיט זייער אנטי־אימיגראציע פאָדערונג, איז געווען זייער פאָדערונג געגען דאָס אריינלאָזען פון די כינעזער. די איינוואנדערונג פון די כינעזער האָט זיך אָנגע־ הויבען אין דעם יאָר 1854 ; אין יענעם יאָר זענען אָנגעקומען ארום 13 טויזענט כינעזער. אין דעם יאָר 1882 זענען שוין אָנ־

נעקומען 39,463 אָבער דאָס איז געווען די לעצטע איינוואנדער־רונג, ווייל אין יענעם יאָר איז אָנגענומען געוואָרען דאָס אויס־שליסונג־געזעץ, נאָך וועלכען כינעזער, מיט דער אויסנאַם פון באאמטע, לערער, סטודענטען, סוחרים און שפּאַציר רייזענדע; סוחרים, וואָס האָבען דאָ געוואוינט איידער דאָס געזעץ איז אָנ־גענומען געוואָרען; די ניטמינדיגע קינדער פון אזעלכע סוחרים; ווייבער פון באאמטע און זייערע דינסטען, זענען אויסגעשלאָסען פון די פאראייניגטע שטאַטען.

עס איז דאָ פיעל צו ריידען וועגען דיזע געזעצען, וועגען די אומגערעכטיגקייטען, וואָס זענען באגאנגען געוואָרען געגען די כינעזער, אָבער מיר וועלען זיך אויף דעם ניט אָפּשטעלען. מיר ווילען נאָר זאָגען, אז די געזעצען זענען אזוי שטרענג, דאָס אין א פאַרהעלטניסמעסיג קורצער צייט וועלען קיינע כינעזער זיך ניט געפינען אין דיזען לאַנד. אין דעם יאָהר 1880 האָבען זיך גע־פונען 105,465 כינעזער אין דיזען לאנד, ווערענד אין דעם יאָהר 1900, מיט 20 יאָר שפּעטער, איז ניט געווען מער ווי 89,863 כינעזער.

אומגעפער אין דערזעלבער צייט ווען די באוועגונג געגען די כינעזער האָט זיך אָנגעפאַנגען, האָט זיך אויך אָנגעהויבען א באוועגונג צווישען די ארבייטער געגען דער אלגעמיינער איינוואַ־דערונג. דער ערפאָלג מיט די אויסשליסונגס־געזעצען געגען די כינעזער איז געווען דער אָנפאַנג פון די באשרענקונגס־געזעצען געגען אייראָפּעאישע ארבייטער. אין דער געזעצגעבונג געגען די כינעזער ליגט אויך די שוואכקייט פון דער געזעצגעבונג געגען אייראָפּעער.

דאָס געשריי געגען די כינעזער איז געווען, אז זיי באלאַנגען צו א פרעמדער ראַסע, אז זיי ווילען ניט און קאָנען זיך ניט אמעריקאניזירען. אָבער דיזער געשריי איז נאָר געווען לפנים. אויף דעם גרונט איז געלעגען אן אנדער אורזאַך: די בילינע ארבייט פון די כינעזער. זייער פרעמדאַרטיגעס לעבען האָט נאָר צוגעהאָלפען די אגיטאציע צו מאכען לייכטער. וואָס די כינעזער האָבען זיך ביסלעכווייז גענומען צו קליין האנדעל און געמאכט קאָנקורענציע דעם מיטעל קלאַס, איז געווען א ווייטע־רער פאַקטאָר, וועלכער האָט לייכט געמאכט די באוועגונג.

געגען די אייראָפּייער האָט מען דעם ראַסען געשריי ניט געקאָנט אויפהייבען. די מייסטע פון דאמאָלסדיגע אימיגראַנ־טען זענען געקומען פון דייטשלאנד, ענגלאנד און סקאנדינאַ־וויען, פעלקער, וואָס שטאמען פון דערזעלבער ראַסע ווי די אמע־ריקאנער, און האָבען זיך שנעל אמעריקאניזירט. זייער קאָנקור־רענציע איז אָבער געווען ניט ווענינער, זי איז געווען פיעל שטאר־קער. די קאָנקורענציע פון די כינעזער האָט זיך צום שטארק־סטען געפיהלט אין די שטאטען ארום דעם פּאַסיפישען ים, ווע־רענד די קאָנקורעציע פון די אייראָפּייער האָט זיך געפיהלט אין אלע טיילען פון לאנד. ספּעציעל האָט זיך געפיהלט די קאָנ־קורענציע ווען נאָך דעם קריזיס פון 1873, איז ווידער געקומען אַן אויפלעבונג אין די אינדוסטריען און די אָרגאניזירטע אר־בייטער האָבען פארלאנגט זייער חלק אין דער נייער פּראָספּעריטי. אונטער דער פירונג פון די דאמאָלסדיגע „ריטער פון ארבייט" (נייטס אָוו לייבאָר) איז אָנגעפירט געוואָרען א רייהע פון סטרייקס פאר העכערע שכירות. די סטרייקס האָבען די אר־בייטסגעבער געענטפערט מיט דעם, וואָס זיי האָבען אימפּאָר־טירט צענדליגע טויזענטער ארבייטער פון לענדער, וואָס האָבען ביז דאן נאָר צוגעשטעלט א קליינעם פּראָצענט פון אימיגראַנ־טען, ווי איטאליען, אונגארן, עסטרייך און פּוילען.

אויף דעם האָבען די ארבייטער, אונטער דער פירונג פון דיזעלבע נייטס אָוו לייבאָר, אָנגעפירט א שטארקע אניטאציע געגען איינוואנדערונג.

די אָרימקייט פון די נייע איינגעוואנדערטע, די קראנקהייר־טען, וואָס האָבען זיך גענומען פארשפּרייטען צוליב דאָס אומ־היגיענישע לעבען, און דאָס צוזאמענדריקען אין איינינע גרוי־סע שטעט פון דיזע איינגעוואנדערטע, האָט זיי שטארק צוגע־האָלפען, און דער רעזולטאט איז געווען דאָס געזעץ וואָס פאר־באָט דאָס אריינלאָזען פון איינוואנדערער וואָס קענען פאלען צו לאסט דער געמיינדע, און פון אוממאָראלישע מענשען.

דאָס געזעץ פון 1882, נאָך דעם ווי עס שרייבט פאָר צו עטאבלירען אַן אינספּעקציע פאר די איינוואנדערער און באַ־שטימט א טאקסע פון 50 סענט זאָל קאָלעקטירט ווערען פון יע־דען איינוואנדערער, זאָגט פאָלגענדעס:

און זוען ביי דעם עקזאמען וועט זיך געפינען צווישען די פאסאזשירען וועלכער עס איז פארברעכער, לונאטיק, אידיאָט, אָדער וועלכע עס איז פערזאָן, וואָס קען ניט זאָרגען פאר זיך, ניט פאָלענדיג צו לאָסט דער געמיינדע, זאָלען זיי (די אינספעקטאָרען) דעמזעלבען רעפּאָרטירען צו דעם הויפּט פון דער סטאַציע, און אַזאַ פערזאָן זאָל ניט ערלויבט ווערען צו לאַנדען.

דיזעס געזעץ האָט אָבער ניט פיעל געהאָלפען דעם צוועק פון די ארבייטער. די בילינע העגט זענען אלץ אימפּאָרטירט געוואָרען, און די סטרייקס זענען אלץ פארלוירען געגאנגען.

און די ארביימער האָבען ווייטער אגיטירט. ביז ענדליך אין דעם יאָהר 1885 איז אָנגענומען געוואָרען דאָס Contract Labor Law דאָס געזעץ, וואָס פארווערט אריינצולאָזען די ארבייטער, וואָס זענען אהער געקומען מיט א קאָנטראקט אויף ארביים. דיזע צוויי סאָרטען געזעצגעבונג זענען נאָך היינט אין קראפט, מיט פארשידענע צוזעצונגען, אויסבעסערונגען, און אויסטייטשונגען, וואָס זענען געמאכט געוואָרען פון דעם קאָנגרעס און פון די געריכטען.

דיזע צוויי סאָרטען געזעצגעבונג אנטהאלטען אין זיך א מערקווירדיגען ווידערשפּרוך, א ווידערשפּרוך דורך וועלכען זיי שליסען אוים איינס ס'אנדערע. א ווידערשפּרוך, וועלכער מאכט שוועריגקייטען נים נאָר די אימיגראנטען, נאָר אויך די וועלכע דארפען אויספירען דאָס געזעץ, וועלכע מאכט עם מעגליך פאר די אימיגראנטען באאמטע צו קענען אויסלעגען דאָס געזעץ נאָך זייער איינענעם ווילען, אָפטמאָל נאָך זייער שטימונג, אָדער שגעון.

„די ערשטע געזעצגעבונג, די וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען צווישען 1875 און 1882 זענען געווען בארעכנט אויסצושליסן די פאַרדאָרבענע, די פארברעכער, די שנאָרערס, די וואָס ווילען ניט אָדער קענען ניט זאָרגען פאר זיך אליין. די אנדערע געזעצען, די וואָס זענען געמאכט זייט 1885 זוכען אויסצושליסען די וואס זענען געווען פארזיכטיג גענוג זיך צו פארזאָרגען מיט די מיטעל צו מאכען א לעבען. די ערשטע געזעצען ווילען אויסשליסען די ערגסטע; די שפּעטערע געזעצען זוכען אויסצושליסען די בעסטע“. דער עמיגראנט הערט, או

קומענדיג אהער, מוז ער קענען באווייזען, אז ער וועט ניט פאַלען צו לאסט, אז ניט וועט מען אים צוריקשיקען. נו, קומט ער צופאָרען מיט די בעסטע באווייזע וואָס איז נאָר מעגליך. ער באווייזט, אז ער האָט שוין א פּלאַץ וואו צו ארבייטען. אָבער דאן שיקט מען אים ערשט צוריק — אלס קאָנטראַקט ארבייטער. די באאמטע מוזען פריהער אויסגעפינען, „צי דער אימיגראנט איז געזונט און וועט קענען קאָנקורירען מיט אמעריקאַנער ארבייטער. און זיי לאָזען אים אריין. דאן מוזען זיי אויסגעפינען צי ער האָט ווירקליך א האָפנונג צו קאָנקורירען מיט אמעריקאנער ארבייטער. דאן שליסען זיי אים אויס. זיי שליסען אים אויס אויב ער קאָן ניט, אָדער וויל ניט קאָנקורירען מיט די אמעריקאנער ארבייטער; זיי שליסען אים אויס ווען ער ברענגט די בעסטע באווייזע, אז ער וועט ערפאָלגרייך קאָנקורירען מיט די אמעריקאנער ארבייטער".*)

אויף דיזען ווידערשפּרוך מאכט דער שוין דערמאָנטער רעפּאָרט אויפמערקזאם, און ווי אמת דאָס איז, ווייס בלי ספק יעדער אימיגראנט פון אייגענער ערפאַרונג. דער שרייבער פון דיזען איז אין 1891 יאָהר שיער ניט אויסגעשלאָסען געוואָרען צוליב אזא פונקט. ווען ער וואלט געזאגט, אז ער איז זיכער צו קענען מאכען א לעבען אין די פאראייניגטע שטאטען, האָט ער זיך ארויסגעכאפּט, אז אים וועט ניט זיין שווער צו געפינען ארבייט, ווייל ער האָט דאָ פריינד, וואָס זאָרגען פאַר אים. דער אינספּעקטאָר האָט דאָס אויפגעכאפּט אלס באווייז פון א קאָנטראַקט ארבייטער, און עס האָט געקאָסט שווערע מיה איידער מען האָט אים איבערצייגט, אז דאָס איז ניט געוועזן דער פאַל.

דיזער ווידערשפּרוך אין דער געזעצגעבונג קומט פון דעם, ווי מיר שיינט, וואָס די אימיגראציאָנס-געזעצען זענען ניט געמאכט געוואָרען דורך אן אויסגעארבייטען פּלאן, וואָס איז אויסגעוואקסען נאטירליך פון די אינערליכע באדערפנישען פון דעם לאנד, נאָר וואָס זיי זענען יעדעס מאָל פאַרפאַסט געוואָרען אויף דעם דרינגען פון די ארבייטער; וואָס אין די הערשענדע

---

*) Report of the Industrial Cmmission vol. 15 —An Immigration, Page 647.

קרייזען, סיי די גרויסע קאפּיטאליסטען, סיי די געזעצגעבענדע מאשין, איז מען געוועגליך נעגען באשרענקונג פון אימיגראציע.

## די ליבעראלע אויסטייטשונג.

דיזע באהויפּטונג קען ביי מאנכע אויסקומען איבערטריי־בען, ספּעציעל זייט די לעצטע פּאסירונג, זייט די שטרענגע גזרות פון קאָמישאָנער וויליאמס, און די רציחות וואָס קומען פאָר טאָג טעגליך אויף עליס איילאנד. דיזע גזרות, שלעכט און ברוטאל ווי זיי זענען אין זיך אליין, זענען אָבער, איך וואג צו באהויפּטען, נאָר אן איבערגאנג זאך, א שטורמווינט, וואָס מאכט אָן פּארוויסטונג ווי לאנג ער דויערט, וועלכער קען אָבער נים אָנהאלטען.

ווי מיר האָבען געזעהן שטאמט די הויפּט געגנערשאפט פון די אָרגאניזירטע ארבייטער. זייער אגיטאציע מיט דער הילף פון די פיינשמעקענדע אמעריקאנער האָט ארויסגעבראכט די באַ־שרענקונגס־געזעצען. געזעצען אָבער מוזען דורכגעפירט, און פּאָלגליך, אויסגעטייטשט ווערען. און ביי דער אויסטייטשונג פון געזעצען קומט אָפט פאָר, אז דאָס געזעץ ווערט בטול, אָדער אין גאנצען געענדערט.

ווי מיר האָבען שוין אין קורצען אָנגערייטעט, איז די געזעצגעבונג נעגען אימגראציע א דרייפאכע:

1) דער אקט, וואָס שליסט אוים די כינעזער.

2) דער פּאָבליק־טשארדזש אקט, נאָך וועלכען עס ווערען אויסגעשלאָסען אלע די, וואָס קענען פאלען צו לאסט.

3) די „אליען קאָנטראקט־לייבאָר לאָו“, דאָס געזעץ, וואָס שליסט אוים פרעמדע קאָנטראקט־ארבייטער.

דאָס געזעץ, וואָס שליסט אוים כינעזער איז פולשטענדיג. פאר די כינעזער איז אין די פאראייניגטע שטאטען דאָ זעהר וועניג סימפּאטיע. אמת, די כינעזער האָבען געארבייט זעהר ביליג, אזוי ביליג, אז די רייכע פארמער בענקען נאָך היינט נאָך די כינעזער ארבייטער. ערשט ניט לאנג צוריק, אין 1907, האָט דער באוואוסטער פּאָעט און פארמער יאָאקים מילער פאר־עפענטליכט אן ארטיקעל אין דעם זעהר ערנסטען און איינ־

פּלוסרייכסטען זשורנאל „נאָרטה אמעריקאַן רעוויו“, אין וועל־כען ער אפּעלירט צו די ארבייטער, זיי זאָלען העלפען צוריק־רופען דאָס כינעזער אויסשליסונגס־געזעץ, ווייל דיזער געזעץ וועט רואינירען דאָס לאנד.

מיליאָנען אקער לאנד, שרייבט דער פּאָעט פארמער, שטע־הען פּוסט, הונדערטער טאָנען פּרוכטען ווערען יעדעס יאָר פאר־פוילט, גאנצע פעלדער היי און תבואה ווערען פארניכטעט. מיט 20 יאָר צוריק האָט ער געצאָלט 75 סענט פאר א 50 פונטי־גען זעקעל מעל, לעצטעס יאָר האָט ער געצאָלט 80 סענט פאר א 20 פונטיגען זעקעל מעל. און דאָס אלעס קומט פון דעם, זאָגט ער, וואָס מען לאָזט ניט אריין די ביליגע כינעזער. אפילו די יאפּאנעזער זענען פאר אים צו טייער. מיט א יאָר פריהער האָבען די יאפּאנעזער געקראָגען $1.25 א טאָג אויף די ראָזינקעס פעלדער, היינט, (דאָס הייסט אין 1907) פארלאנגען זיי $2.50 א טאָג. און ניט נאָר די פארמערס, טענה'ט ער, ווע־רען פאראָרימט, נאָר אויך די ארבייטער. וואָס טויגען די הויכע שכירות ווען מען מוז זיי צוריק אוועקגעבען ביי'ם איינקויף פון לעבענס מיטעל. און ער אפּעלירט צו די ארבייטער, זיי זאָלען, אין זייער אייגענעם אינטערעס, העלפען אָפּשאפען דאָס געזעץ, כדי ער זאָל ווידער קריגען פארם ארבייטער פאר 5 דאָלאר א מאָנאט מיט קאָסט.

אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם אלעם, איז דאָ ווייניג האָפ־נונג דאָס געזעץ זאָל אין דער נאָהענטער צוקונפט ווערען געענ־דערט. דאָס לעבען פון די כינעזער איז אזוי פארשידען פון די אייראָפּייער און אמעריקאנער, און עס איז אזוי אפּשטויסענד, אז פיעל ציטערען פאר דער געלער געפאר. די יאפּנעזער זענען אין פיעל הינזיכטען אנדערש ווי די כינעזער, דאָך נאָך אזוי פארשידען פונ'ם אמעריקאנער, אז זיי וואָלטען בלי ספק גע־האט דעמזעלבען שיקזאל, ווען ניט די שטארקע האנט פון יא־פּאן, און הויפּטזעכליך די האנדעלס אינטערעסען פון אמעריקא אין יאפּאן.*)

*) זעה וועגען דעם ענין אַן אינטערעסאַנטען ארטיקעל אין דעם „נאָרטה אמעריקאַן רעוויו“, יאַנואַר, 1907.

געגען די אייראָפּייער האָט מען ניט געקאָנט אָנווענדען דעם געשריי פון נידריגע ראסען. הייגט טוט מען שוין דאָס אויך, אָבער אין די אכציגער יאָרען איז די אימיגראציע, ווי געזאָגט, געוועזען פון לענדער און פעלקער, וואָס שטעלען צוזאמען די אנגלאָ־זאקסישע ראסע. דער געשריי איז דאדורך געוואָרען „פּאָבליק טשארדזש"! אנטקעגען די וואָס פאלען צו לאסט.

דאָס „פּאָבליק טשארדזש" געזעץ, האָט אין זיך דעם גרויסען פעהלער, וואָס עס גיט די מעגליכקייט די באאמטע זאָלען עס ציהען און בויגען נאָך זייער אייגענעם שגעון. אין אלגעמיין אָבער ווערט דאָס געזעץ דורכגעפירט ליבעראל. עס איז אלזאָ אזא געזעץ אויף וועלכע די מייסטע מענשען קענען באשטעהן.

אנדערש שטעהט מיט דער קאָנטראקט־ארבייטער געזעצגעבונג. דיזע געזעצען זענען אָנגענומען געוואָרען לויט דעם אויסדריקליכען פארלאנג פון די אָרגאניזירטע ארבייטער, געגען די ארבייטסגעבער, וואָס פלעגען אימפּאָרטירען סקעבס. דאָ זענען די אינטערעסען געקומען דירעקט אין קאָנפליקט. און ביי דיזען קאָנפליקט, וואו די געריכטען האָבען געדארפט אנטשיידען, האָבען זיי זיך אימער ארויסגעצייגט ליבעראל, און צו גונסטען פון די ארבייטסגעבער.

און זייערע אויסטייטשונגען זענען די העכערע געריכטען געגאנגען אזוי ווייט, אז, מען קען זאָגען, דאָס געזעץ איז אין גאנצען בטל געוואָרען.

דאָס ערשטע געזעץ פון 1885 האָט פאָרגעשריבען :

עס זאָל זיין אומגעזעצליך פאר וועלכע עס איז פּערזאָן, קאָמפּאַניע, שותפות געשעפט אָדער אַ קאָרפּאָראציע, אויף וועלכען עס איז אופן צו באצאָלען די רייזע־קאָסטען, אָדער אויף וועלכען עס איז וועג צו העלפען, אָדער אויפצומונטערען דאָס אימפּאָרטירען, אָדער דאָס איבערוואנדערען פון וועלכען עס איז אויסלענדער, פרעמדען אָדער פרעמדע אין די פאראייניגטע שטאַטען, די טעריטאָריעס אָדער דעם דיסטריקט פון קאָלומביא, אונטער אַ קאָנטראקט אָדער אָפּמאַך, מינדליך אָדער שריפטליך, אויסגעדריקט אָדער געגעבען צו פארשטעהן, וואָס איז געמאַכט געוואָרען בעפאָר דער אימפּאָרטירונג, אָדער איבערוואנדערונג פון אַזאַ אויסלענדער, פרעמדער אָדער פרעמדע, צו פארריכטען

וועלכע עס איז אַרבייט אָדער באַדינגונג אין די פאראייניגטע שטאַאַטען, די טעריטאָריעס אָדער דעם דיסטריקט פון קאָלומביא.

א שטראף פון טויזענד דאָלאַר פאר יעדער באזונדערער איי־בערטרעטונג איז ארויפגעלעגט געוואָרען אויף יעדער פּערזאָן, וועלכע וועט „וויסענדיג צוהעלפען, אימפּאָרטירען אָדער איינ־לאדען" אזא אימיגראציע.

אויסגענומען פון דיזען געזעץ זענען: געלערנטע בעלי מלאכות פון אנדערע לענדער, וואָס זענען באשעפטיגט אין אן אינדוסטריע,„ וועלכע עקזיסטירט ניט אין די פאראייניגטע שטאַטען, אויסגענומען, אז עס איז אוממעגליך צו קריגען געלערנטע ארבייטער פאר דיזען צוועק אויף אן אנדער אופן". אויך זאָל דיזעס געזעץ ניט ווערען אַנגעווענדט אויף „פּראָפעסיאָנעלע אקטיאָרען, ארטיסטען, לעקטשורערס אָדער זינגערס; אויך ניט אויף פערזאָנען, וואָס זענען באשעפטיגט אלס פּערזענליכע אָדער הויזליכע באדינטע". קיין וואָרט פון דיזען געזעץ דארף ניט ווערען אויסגעלייגט צו פאַרבאָטען „וועלכע עס איז פּערזאָן צו העלפען א מיטגליד פון זיין פאמיליע, קרוב אָדער פּערזענליכען פריינד איינצוואַנדערען פון א פרעמד לאנד אין די פאראיי־ניגטע שטאַטען מיט דעם צוועק זיך דאָ צו באזעצען".

דאָס איז דאָס אָריגינעלע געזעץ פון 1885.

ווי מען קען זעהן איז דאָס געזעץ אליין ליבעראל פאר־פאסט, עס איז נאָר אויסגעשלאָסען אזעלכע, וואָס קומען אהער מיט א קאָנטראקט צו פארנעמען די שטעלען פון סטרייקערס.

דיזען פּונקט האָבען די געריכטען געמאכט גאַנץ קלאָר באַלד אין דעם ערשטען פאל, וואָס זיי האָבען געהאט צו אנט־שיידען.

נאָכדעם ווי דאָס געריכט ערקלערט דעם אורשפּרונג פון דעם געזעץ, זאָגט עס ווייטער:

וועזענד דיזעס געזעץ איז בלי ספק אן איבערקערעניש פון דער טראַדיציאָנעלער פּאָליטיק פון אונזער רעגירונג, באַ־צוועקט עס אָבער ניט צו אנטמוטיגען דאָס אימפּאָרטירען פון פרעמדע אין אַלגעמיין. עס וויל נאָר פארבאָטען דאָס אימפּאָר־טירען פון אַזעלכע אַרבייטער אונטער קאָנטראַקט, וואָס איז גע־מאַכט געוואָרען בעפאָר זייער וואַנדערען אָדער אימפּאָרטירען.

דאָס אורשפּרינגליכע געזעץ איז פון צייט צו צייט געענ־
דערט געוואָרען, לויט די ענטשיידונגען פון די געריכטען, אָבער
יעדע ענדערונג האָט אַלץ מער בולט ארויסגעבראַכט וואָס מען
מיינט מיט קאָנטראַקט־ארבייטער, און האָט אַלץ מער בולט
געמאַכט די אויסנאַמען.

אין די פארשידענע אויסטייטשונגען האָט דאָס געריכט
קודם כל פעסטגעשטעלט דעם אונטערשיד צווישען א „פרעמדען
אימיגראַנט" און א „פרעמדען איינוואוינער" (Alien
Immigrant, and Alien resident) א „פרעמדער אימי־
גראַנט" איז דער, וואָס קומט נאָר דאָס ערשטע מאָל צו פאָרען.
דער וואָס איז שוין איין מאָל געווען אין לאַנד, דער איז א
„פרעמדער איינוואוינער", און אויף דעם איז דאָס געזעץ
ניט חל.

א צווייטע אַלגעמיינע אַנטשיידונג, וועלכעס האָט דאָס
געזעץ כמעט אין גאַנצען בטל געמאַכט איז געווען פאָלגענדע:

דאָס ערשטע געזעץ פון 1885 האָט ניט אַנטהאַלטען דעם
פּונקט, צוריקצושיקען דעם אימיגראַנט. די שטראַפען פון טוי־
זענד דאָלאַר איז געווען באַשטימט פאַר דעם וואָס אימפּאָר־
טירט די קאָנטראַקט־ארבייטער. און אין 1886, באַלד אין דער
ערשטער אַנטשיידונג, האָט דאָס געריכט פעסטגעשטעלט, „אַז א
קלאַגע געגען אַזאַ אימפּאָרטירער פון קאָנטראַקט־ארבייטער איז
א קרימינעלער פארברעכען, טראָץ דעם וואָס די שטראָף איז
נאָר א געלט שטראָף און אין א קרימינעלען פארברעכען קען מען
ניט צווינגען א מענשען צו זאָגען עדות געגען זיך אַליין".

מיט דיזער אַנטשיידונג איז אוועקגענומען געוואָרען אַלע
מעגליכקייטען פון פארפאָלגונג. דער קאָנטראַקט ווי עס איז
זעלבסטפארשטענדליך, האָט באַראַרפט געמאַכט ווערען אין
אייראָפּאַ. דעם אימפּאָרטירער, האָט מען נאָך דיזע אַנטשיי־
דונג, ניט געקענט צווינגען צו זאָגען עדות, דער אימפּאָרטירטער
ארבייטער וועט דאָך געוויס ניט זאָגען קיין עדות. מען וואָלט
אַלזאָ יעדעס מאָל באַראַרפט שיקען קיין אייראָפּאַ נאָך באַווייזע.

נאָך דיזער אַנטשיידונג איז אין דעם געזעץ צוגעשטעלט
געוואָרען דער פּונקט, אַז אַלס שטראָף זאָל דער אימיגראַנט

צוריקגעשיקט ווערען. מען קען אָבער באשטימט זאָגען, די אמת'ע קאָנטראַקט־ארבייטער ווערען ווייניג וואָס צוריקגעשיקט. די וואָס ווערען אימפּאָרטירט, די לערענט מען שוין אויס געטרוי וואָס צו זאָגען.

א דריטער פּונקט, אין די פארשידענע דעציזיעס פון די געריכטען, איז געווען איבער דער פראגע פון דעם קאָנטראַקט גופא. די געריכטען האָבען גע'פּסק'ענט, אז א קאָנטראַקט מוז זיין א פאָרמאלנער קאָנטראַקט, און מוז אנטהאלטען אין זיך אלע פּונקטען פון א געזעצליכען קאָנטראַקט.

וואָס דאָס מיינט וועט באווייזען דער פאָלגענדער פאַקט. פאר דעם קאָורט פון דעם איסטערן מיזורי דיסטריקט איז פאָרגעקומען א פאל פון קאָנטראַקט־ארבייטער. פאר דעם גע־ריכט איז פאָרגעלייגט געוואָרען 2 בריף אלס באווייזע.

דער ערשער בריף האָ געלויטעט:

מר. גרעי, מענעדזשער: —

ווערטער הער, — איך האָב געהערט, אַז איהר זוכט אַר־בייטער צו ארבייטען ביי אַ שפּיאלטער שמעלץ־אויוועז. איך און מיינער אַ באַקאַנטער וואָלטען וועלען אַרויסקומען, ווייל ביי אונז איז נימאָ קיין אַרבייט. אויב איך איז באַקוועם צו שי־קען אַ שיפּסקארטע צו יעדען איינעם פון אונז, וועלען מיר קו־מען אַזוי שנעל ווי מעגליך. מיר האָבען ביידע געארבייט ביי שפּיאלטער אַרבייט פיעל יאָרען.

מיר וועלען אייך זיין דאַנקבאַר ווען איהר וועט אונז שרייבען אַנטוואָרט.

י. בויס, אטקינס סטריט,

בריסטאָל, ענגלאַנד.

דער נאָמען פון מיין פריינד איז פרעד דאראזאלסקי.

אלס ענטפער אויף דיזען בריף האָט די קאמפּאניע גלייך ארויסגעשיקט א בריף מיט אן אָנווייזונג אויף צוויי שיפּס־קארטען.

אין דעם בריף שרייבט נאָך די קאמפּאניע: מיר קאָנען אייך געבען „סטעדי ארבייט", און א פּלאַץ פאר 6 אָדער 8 מער שמעלצער, אויב זיי ווילען ארויסקומען".

אָט דיזע צוויי בריף האָט דאָס געריכט ניט אנערקענט פאר

קיין קאָנטראקט. אום א קאָנטראקט זאָל זיין גילטיג, האָט דאָס געריכט אנטשידען, מוז ער אין זיך אנטהאלטען די עלעמענטען פון צייט און באלוינונג. די צייט אויף ווי לאנג דער ארבייטער איז צו האלטען זיין באשעפטיגונג, און די שכירות וואָס ער דארף קריגען פאר זיין ארבייט מוז זיין אויסדריקליך. גלאט שי־קען איינעם א שיפסקארטע און אים פארשפרעכען „סטעדי ארבייט", איז קיין געזעצליכער קאָנטראקט, זאָגט דאָס געריכט.

אין דיזער אנטשיידונג, ווי מען קען זעהן, איז דאָס געריכט מדקדק מיט יעדען וואָרט פון דעם געזעץ כחוט השערה. איז אָבער געווען אנדערע פעלע, וואו וועגען דעם וואָרט פון געזעץ איז קיין ספק נים געווען, האָט דאָס געריכט אנטשידען, אז מען דארף נים קוקען אויף דעם וואָרט, נאָר אויף דעם גייסט פון געזעץ, און האָבען ווידער אויסגעלייגט דאָס געזעץ ליבעראל.*)

אין די פארשידענע צוזעצונגען צו דעם געזעץ איז דאָ א באשטימונג, נאָך וועלכען דער מיניסטער פון האנדעל און אר־בייט, האָט די לעצטע אנטשיידונג וועגען צוריקשיקען קאָנ־טראקט ארבייטער. נו, האָט פאסירט אזא מעשה: די ליטאָ־גראפערס האָבען געהאט א סטרייק. און איין פירמא האָט די־רעקט אימפּאָרטירט צוויי ליטאָגראפערס צום סקעבען. עס איז צוגעגעבען געוואָרען, אז דיזע צוויי ארבייטער זענען אימפּאָר־טירט געוואָרען 8 מאָנאט נאָכדעם ווי דער סטרייק איז געוואָ־רען ערקלערט.

די צוויי לייט זענען פארהאלטען געוואָרען אויף עליס איילאנד צוריקגעשיקט צו ווערען. די פירמא האָט אפּעלירט צו דעם דאמאָלסדיגען מיניסטער פון האנדעל און ארבייט, מר. אָסקאר שטראוס. ער האָט דעם פאל איבערגעגעבען צו דעם דעזשנראל אטוירני (דעם הויפּט פראָקוראָר) און ער האָט אָפּ־געגעבען זיין פסק, די ארבייטער אריינצולאָזען, ווייל אין צייט פון א סטרייק, קען מען אין די פאראייניגטע שטאטען נים גע־

*) זעה דעם שוין דערמאָנטען 15טען טאָם, זייט 647—670, ווי אויך אן ארטיקעל אין „פּאָליטיקעל סייענס קוואָרטערלי", פאר מערץ 1907.

פינען קיין ארבייטער צו פארריכטען אזא ארבייט. דיזע אנט־שיידונג האָט דאָס גאנצע געזעץ עוקר מן השורש געווען. מר. סעמיועל גאָמפּערס האָט דאן פּראָטעסטירט, אָבער ביי דעם פּראָטעסט, מיר שיינט, איז עס געבליבען.

די אָרגאניזירטע ארבייטער האָבען שוין אויך איינגעזעהן, אז די קאָנטראקט־ארבייטער געזעצע העלפען זיי ווייניג. זיי האָבען זיך דערפאר געכאפּט צו אן אנדערער אגיטאציע. זיי אר־בייטען איצט פאר א „בילדונגס פּראָבע“. עס ווערט פארלאנגט מען זאָל ניט ארייןלאָזען קיינע אימיגראנטען, וואָס קענען ניט לעזען און שרייבען. אָבער מיט דיזער אגיטאציע האָבען זיי נאָך ווייניגער ערפאָלג.

שוין אין 1897 איז אזא געזעץ אָנגענומען געוואָרען אין קאָנגרעס, אָבער דער דאמאָלסדיגער פּרעזידענט, גראָווער קליוו־לאנד האָט דאָס געזעץ ניט אונטערצייכענט.

צווישען די פארשידענע אורזאכען וואָס קליוולאנד גיט אָן, ווארום ער קאָן דאָס געזעץ ניט אונטערשרייבען, איז דאָ א פּונקט, וועלכער האָט אנטשידען די פראגע אויף אייביג, ווי איך גלויב.

צווישען אנדערעס שרייבט ער פאָלגענדעס:

„איך קען ניט גלויבען, אז מיר וועלען זיין באשיצט פון די (אויסגערעכענטע) שלעכטס טוט דעם, וואָס מיר וועלען באגרענצען אימיגראציע נאָר אויף אזעלכע, וואָס קענען שריי־בען און לעזען אין וועלכע עס איז שפּראך פינף און צוואנציג ווערטער פון אונזער קאָנסטיטוציע. נאָך מיין מיינונג איז אומענדליכע מאָל מער זיכער ארייןצולאָזען הונדערט טויזענט אימיגראנטען, וועלכע, הגם זיי קענען ניט שרייבען און לעזען, זוכען צווישען אונז א היים און א געלעגענהייט צו ארבייטען, איידער ארייןצולאָזען איינעם פון די אומגעהאָרכזאמע אגיטאַ־טאָרס און שונאים פון רעגירונגס קאָנטראָל, וועלכע קענען ניט נאָר לעזען און שרייבען, נאָר וועלכע קוועלען אָן, ווען זיי קע־נען אויפרעגען מיט אויפרייצענדע רעדעס צו אומצופרידענ־הייט און טומעל די וואָס זענען געניינט צו רוהיגקייט, אָבער קענען ניט לעזען און שרייבען.“

מיט אנדערע ווערטער, מיר ווילען ליבער האָבען די וואָס

קאָנען פירען די האָק און לאָפּעטע, דאָס אַקער־אייזען און דאָס שנייד־מעסער, איידער די וואָס קאָנען פירען מיט דער פעדער.

און דיזער „אני מאמין" איז פאַרבליבען און וועט פאַר־בלייבען. אין דער אמת'ען, ווען מען קוקט זיך גענוי צו צו אלע זייטען פון דער אימיגראַציאָנס־פראגע, זעהט מען, אז די אר־בייטער זענען כמעט די איינציגע וואָס זענען געגען אימיגראַ־ציע. אלע רעגירונגס־באאמטען, וואָס האָבען צו טאָן מיט אי־מיגראַציע, די גרויסע ווידיקליינע, אלע גרויסע קאפּיטאליס־טישע אונטערנעמונגען, די מייסטע גרויסע צייטונגען און זשור־נאלען זענען אלע פאר פרייער אימיגראַציע. די אָרגאַניזירטע ארבייטער, מיט א קליינער צאָל פון די אמת'ע „יענקים", זע־נען די איינציגע, וואָס זענען געגען אימיגראַציע.

די געגנערשאַפט פון די ארבייטער, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, איז זעהר בארעכטיגט. עס זענען דאָ שטאַרקע און וויכ־טיגע אורזאכען, וועלכע טרייבען זיי צו דיזער געגנערשאַפט. אָבער אין אלגעמיינעם מוז מען זאָגען, איז די אימיגראַציע, אין גאַנצען גענומען, א טובה פאר דעם לאַנד. אמעריקא וואָלט קיינמאָל ניט דערגרייכט די הויכע שטופע פון אנטוויקלונג ווען ניט די אימיגראַציע.

עס זענען אפילו דאָ איינינע וואָס באשטרייטען דיזען פאַקט. פראַנציס א. וואָוקער (F. A. Walker) דער סופּער־אינטענדענט פון די צענזוסען פון 1870 און 1880, דער הויפּט געלערטער פון די געגנער פון אימיגראַציע וויל האָבען, אז דאָס איז ניט אמת. ער שטעלט אויף די באהויפּטונג, אז אמעריקא האָט פיל פארלוירען דורך אימיגראַציע. זאָגאר די באפעלקע־רונג פון אמעריקא, באהויפּטעט ער, וואָלט געוועזען גרעסער ווען ניט די אימיגראַציע. זיינע באהויפּטונגען זענען אָבער ניט מער ווי השערות, קונציג צוזאמענגעשטעלט דורך סטאַטיסטישע ציפערן, וועלכע לאָזען זיך ביינען און דרעהען פון אלע זייטען, ווערענד די פאַקטען, די וואָס אלע קענען אָנטאַפּען, זענען ווירק־ליכע, לעבעדיגע עדות פון דעם אומגעהויערען פּראָגרעס, וואָס דאָס לאַנד האָט געמאַכט דורך דער אימיגראַציע. און דער פּראַקטישער אמעריקאַנער ווייסט דאָס, און איז אויך מודה.

פון דעם אלעם זעהן מיר, אז עס איז ניטאָ קיין גרונד

מורא צו האָבען, אז די אימיגראציע וועט ווען עס איז ערנסט געשטערט ווערען. מען קען אמאָל מאכען געזעצען צו פאר־בלענדען די אויגען פון די ארבייטער; א געוויסער באאמטער, ווי דאָס מאָל וויליאמס, קען אמאָל אָנמאכען צרות מיט דעם וועלען שטרענג דורכפירען דיזע געזעצען, אָבער דאָס אלעס קען לאנג ניט אָנהאלטען. די געזעצען, ווען עס קומט צו עט־וואָס ערענסטעס, ווערען אוועקגע׳פשט׳עלט, און די צו איבער־געגעבענע באאמטע קרינען א וואונק צו פארמאכען מיט איין אויג.

## די איבערגעפאקטע צענטרען.

ווען מיר זאָגען, עס איז ניטאָ קיין סכנה די אימיגראציע זאָל ווען עס איז ערנסט באשרענקט ווערען, איז אָבער מיט דיזען נאָך ניט געזאָגט, אז אלע פּראָבלעמען זענען שוין ווירקליך געלעזט.

איין פּראָבלעם ספּעציעל איז דאָ וואָס מאכט, אז אלע אמעריקאנער זאָלען קוקען קרום אויף דער אימיגראציע פון די לעצטע צייטען, און דאָס איז די איינציגע איבערפאקטע צענט־רען. זאָגאר די אָפּאָזיציע פון די ארבייטער קומט מייסטענס פון דיזען, צום ווייניגסטענס ליפערען דיזע צענטרען די בעסטע ארגומענטען געגען אימיגראציע. מען דארף ניט געהן ווייט נאָך באווייזע פאר דער באהויפּטונג. עס איז צוגעגעבען גע־וואָרען פון די אידען גופא. מיר האָבען שוין אויבען ציטירט די רעזאָלוציע פון די אידישע שניידער. מיר האָבען אָבער נאָך א פאקט, וואָס ליגט א סך נעהענטער. מיר מיינען דאָ „די אידי־שע אמעריקאנישע געזעלשאפט צו רעגולירען אימיגראציע“.

קיין מענש וועט ניט חושד זיין דיזע געזעלשאפט אין פיינדשאפט צו די אימיגראנטען, זי איז געבוירען געוואָרען צו שטיצען און צו העלפען דער אידישער אימיגראציע, אָבער דער יסוד אויף וועלכען די געזעלשאפט איז געבויט, איז דערזעלבער אויף וועלכען די גאנצע געגנערשאפט גרינדעט זיך.

אין דער איינלאדונג צו א קאָנפערענץ, וואָס די געזעל־שאפט האָט ארויסגעלאָזען, שרייבט זיך צווישען אנדערען פאָל־גענדעס:

„אויך איצט האט זיך די לאגע ניט געענדערט. אויך איצט געהט די אידישע עמיגראציע נאך די אייניגע גרויסע איבערפילטע צענטרען. אויך איצט נאך איז א באשרענקטע צאל „טריידס" דער איינציגער מקור־חיונה פאר די גרויסע אידישע מאסען. דער טרויעריגער פועל־יוצא איז, דאס די קאנקורענץ פון די אידען צווישען זיך האט אנגענומען די שארפסטע פארמען, דאס דער עקאנאמישער וואוילשטאנד און סאציאלער פארטשריט פון די אידישע גרויסע קהלות ווערען צוריקגעהאלטען, דאס די לעבענס און וואוינונגס־פארהעלטניסע ווערען שלעכטער און דאס דער געזונדהייטס צושטאנד פון דער אידישער באפעלקערונג ווערט שלימער."

און די איינלאדונג צו א קאנפערענץ, וואס דיזע געזעלשאפט האט אויסגעשיקט, קומט דיזער פונקט ארויס נאך שארפער. עס שרייבט זיך דארט:

„דיזעלבע אומארגאניזירטקייט האט אויך דא, אין דעם גרעסטען איינוואנדערונגס לאנד, וואוהין ס'ציהט זיך דער הויפט שטראם פון דער אידישער וואנדערונג, ארויסגערופען א גאנצע רייהע פון אומנארמאלע, אומגעזונטע ערשיינונגען, וועלכע בארירען כמעט אלע שיכטען פון דער אידישער באפעלקערונג, דירעקט אדער אינדירעקט, אין זייערע אלטעגליכע לעבענס־אינטערעסען. צווישען זיי איז די גרעסטע און טרויעריגסטע ערשיינונג די איבערפילונג פון די אייניגע גרויסע אידישע קהלות, און באזונדערס פון נויארק, די באשרענקונג פון דעם ארבייטס־פעלד פאר די אידישע ארבייטס קרעפטען אויף אייניגע וועניגע אינדוסטריען. די ענגשאפט און די אומגעזונטע וואוינונגס פארהעלטניסע אין די אידישע קווארטאלען, און די שארפסטע קאנקורענץ־פארמען פון די אידען צווישען זיך. דורך דעם אלעם ווערט דער עקאנאמישער וואוילשטאנד און סאציאלער פארטשריט פון די אידישע קהלות צוריקגעהאלטען."

און „די אידיש־אמעריקאנישע געזעלשאפט" שטעלט זיך די אויפגאבע אויפצופאסען,

„אז אין דער אידישער עמיגראציע זאל אריינגעטראגען ווערען סיסטעם און ארדנונג, אז דיזע אומנארמאלע איבער־

פילונג פון די אידישע צענטרען אין אמעריקא זאָל אָפּגע־
שוואַכט ווערען דורך אַ פּלאַנמעסיגער אָפּווענדונג פון דער אי־
דישער וואַנדערונג אין נייע פּלעצער, אַז נייע צווייגען פאַר
באשעפטיגונג זאָלען געמאַכט ווערען צוגענגליך פאַר די אידישע
מאַסען און אַז אַ געוויסער טייל פון דער אידישער באַפעלקע־
רונג זאָל, לויט מעגליכקייט, צוגעצויגען ווערען צו אַקערבוי."

דער גרויסער אידישער מיליאָנער און פילאנטראָפּ, הער יעקב שיף, אין א זעהר ערנסטער און אינטערעסאנטער רעדע, זונטאָג דעם 18טען יולי פון דיזען יאָהר, האָט אויסגעדריקט די־זעלבע געדאנקען: די אידען זענען צופיעל געפּאקט אין איינ־צעלנע שטעט. כדי צו לעבען און אום ניט צו פאלען צו לאַסט דעם לאנד און זייערע אייגענע ברידער אין דיזען לאנד, מוז מען זעהן אָפּצואווענדען די אימיגראציע פון די איינצעלנע אי־בערגעפילטע צענטרען. ווי מיר זעהען, פיהלען די אידען אליין דעם שווערען דרוק פון די איבערפילטע צענטרען, היינט וואָס איז זיך דאָ צו פארוואונדערען ווען דעם אמעריקאנער, ביי וועמען דער מיטגעפיהל צו די פארפאָלגטע אידען אין רוסלאנד און אין רומעניען קען ניט זיין אזוי שטארק ווי ביי אונז, איינגע־וואנדערטע אידען — ווען דער אמעריקאנער זוכט פון זיך אראָפּצואווארפען דיזע שווערע משא.

אונזערע נייע „טעאָרעטיקער", וואָס באשאפען אלע טאָג נייע טעאָריעס וועגען דעם אידישען פאָלק, ווילען האָבען, אז די אידישע וואנדערונג שטעלט מיט זיך פאָר אן אויסנאם. זיי באשעפטינען זיך דאדורך ספּעציעל מיט אידישער אימיגראציע. די פאקטען זענען אָבער געגען זיי.

דער פּראָצעס וואָס ווערט באשריבען אין דער ציטירטער פּראָקלאמאציע איז ניט נאָר „א טיפער, אַנהאלטענדער נאציאָ־נאלער פּראָצעס" פון די אידען. עס איז אַן אָנהאלטענדער פּראָצעס נאָך פון אנדערע נאציאָנען. מען קען זאָגען: עס איז אַן אינטערנאציאָנאלער פּראָצעס. ניט נאָר „זענען די אידישע אימיגראנטען געוואָרען הילפלאָזע קרבנות פון אלע מעגליכע רווי־בער און עקספּלואטאטאָרס", נאָר אויך אויף פיעל אנדערע אימי־גראנטען, פון פיעל אנדערע פעלקער איז אויסגעפאלען דערזעל־בער גורל; ניט נאָר האָבען זיך די אידישע אימיגראנטען „אָפּ־

נעשטעלט אין איינינע נאָהענטסטע צענטרען, די מייסטע אין נױ־יאָרק, וואו זיי זענען אָנגעוויזען מיט זייער חיונה בלויז אויף איינינע ווענינע באגרענעצטע צווייגען פון אינדוסטריען", נאָר די מייסטע עמיגראנטען פון די מייסטע נאציאָנען, ספּעציעל פון די נאיאָנען, וואָס האָבען אָנגעהויבען איינצואוואנדערען זייט די לעצטע 25 יאָר, האָבען נעטאָן און טוען דאָסזעלבע.

ווי שוין נעזאָגט, ווילען מיר דיזע ארבייט ניט באלעסטי־נען מיט טרוקענע ציפערען. אויף דיזען פונקט איז אָבער נוי־טיג צו ברענגען איינינע ציפערען. שוין צוליב דעם כדי צו בא־ווייזען ווי אומבאגרינדעט מאנכע פון די נייע טעאָרעטיקער זענען.

מיר ווילען נאָר נעמען איין יאָהר אלס ביישפּיל. אָבער דאָס איינע יאָהר איז קיין אויסנאם. אומגעפער דיזעלבע פּראָ־פּאָרציע קען מען נעפינען אלע יאָהר.

די צאָל פון אלע אימיגראנטען פאר דעם יאָהר, וואָס האָט זיך נעענדיגט מיט דעם 30טען יוני 1908 איז נעווען 782,870. פון דיזע האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין:

| | |
|---|---|
| ניו יאָרק — — — — — — | 256,425 |
| פּענסילווייניא — — — — — | 111,560 |
| אילינאָיז — — — — — — — | 58,773 |
| מאסס. — — — — — — — — | 57,308 |
| אָהייאָ — — — — — — — — | 34,271 |
| ניו דזשוירזי — — — — — — — | 34,180 |
| קאָנעקטיקוט — — — — — — | 16,693 |
| צוזאמען — — — — — | 569,205 |

קנאפּע 73 פּראָצענט פון אלע איינגעוואנדערטע האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין 7 שטאטען.

דיזע ציפערען גיבען אָבער נאָך ניט דאָס פולשטענדיגע בילד, א סך בעלט'ער קומט עס ארויס, ווען מען נעמט די פאר־שידענע נאציאָנען באזונדער:

די אידישע איינוואנדערונג פאר דעם יאָר 1908 איז נעווען 103,387 נפשות. פון דיזער צאָל זענען 92,582 אָדער עטוואָס איבער 89 פּראָצענט, פארבליבען אין די אויבענדערמאָנטע 7

שטאטען. איטאליענער זענען פאר דערזעלבער צייט אָנגעקומען 135,247, און 110,448 פון זיי, דאָס הייסט קנאפּע 82 פּראָצענט, האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין דיזעלבע 7 שטאטען. די צאָל איינ־וואנדערער פון די סלאווישע און אונגארישע נאציאָנען איז גע־ווען 214,021 און 170,789, אָדער קנאפּע אכציג פּראָצענט, האָ־בען זיך אָפּגעשטעלט אין דיזעלבע שטאטען.

די אידען זענען אלזא אין דיזער הינזיכט קיין אויסנאַם, דער קליינער אונטערשיד אין די פּראָצענטען איז ניט גרויס גענוג מען זאָל זיך אויף איהם אָפּשטעלען. עס איז אמת, די אידען שטעלען זיך מייסטענס אָפּ אין די גרויסע שטעט, ווע־רענד די אנדערע גענען אָפּט אין קלענערע פּלעצער. אָבער דאָס ווענדט זיך שוין אין די אינדוסטריען, אין וועלכע זיי פאר־שידענע נאציאָנאליטעטען זענען באשעפטיגט, וואָרים אויך אין דיזער הינזיכט זענען די אידען ניט קיין אויסנאַם. אויך פאר די אנדערע נאציאָנאליטעטען „איז א באשרענקטע צאָל „טריידס" דער איינציגער מקור חיונה", דאָס איז די פארשי־דענע קאָפּאלניעס.

די „אידישע אמעריקאנישע געזעלשאפט" שטרעבט דערצו, „אז א געוויסער טייל פון דער אידישער באפעלקערונג זאָל לויט מעגליכקייט צוגעצויגען ווערען צו אקערבוי".

די געזעלשאפט, ווי עס זעהט אויס, איז געווען זעהר פאָר־זיכטיג ביי דעם פארפאסען פון דער פּראָקלאמאציע, וואָרים די „מעגליכקייט" מוז שטארק באצווייפעלט ווערען. די אימי־גראציאָנס־סטאטיסטיק פון דיזען לאנד באווייזט, אז עס איז פאראן קליינע מעגליכקייט פאר דעם. די מייסטע פון די אימי־גראנטען פון די מזרח לענדער, די ניט אידישע, קומען דירעקט פון פעלד. אין דיזען לאנד אָבער ווערען זיי ניט קיין פאר־מערס. דער גרעסטער טייל, (מען שאצט אכציג פּראָצענט) גענעהט אין פאבריק ארבייטען.

פאר דעם אמעריקאנער איז די פּראָבלעמע פון איבער־פילטע צענטרען נאָך פיעל שטארקער ווי פאר די אידען. ביי איהם איז דאָס ניט קיין אידישע פראגע, נאָר אן אלגעמיינע אימי־גראציאָנס־פראגע. און דיזער פּונקט איז עס וואָס מאכט אָן די גרעסטע שוועריגקייטען. דיזער פּונקט ברענגט עס מיט,

וואָס דער אמעריקאנער קוקט אמאָל קרום אויף דער אימיגראַ־ציע, צוליב וועלכען א וויליאמס קען זיך אמאָל ערלויבען צו טאָן וואָס ער האָט געטאָן. צוליב דיזען פּונקט, האָבען אויף אלע אידישע געזעלשאַפטען, פיעל אידישע צייטונגען געשוויי־גען, ווען וויליאמס גזרה האָט געבושעוועט.

די איבערגעפּילטע צענטרען שטעהען אלעמען, דעם איינ־צעלנעם אמעריקאנער, ווי דער אמעריקאנער רעגירונג, ווי די איינגעוואנדערטע גופא, ווי א ביין אין האלז.

וואָס קאָן מען טאָן דערצו?

דאָס איז שווער צו זאָגען. די אויפגאבע וואָס די „אידיש־אמעריקאנישע געזעלשאפט" האָט זיך געשטעלט, און צו וועל־כער הער יעקב שיף שטרעבט, „אפּצואווענדען דעם שטראָם פון די איינינע איבערפילטע צענטרען", איז פּראָבירט געוואָרען פון א פיעל שטארקערער האנט ווי די אידישע געזעלשאפט. די אמע־ריקאנער רעגירונג מיט איהרע אומבאגרענצטע מיטעל האָט זיך אליין גענומען צו דער ארבייט. עס איז דורכגעפירט געוואָרען א געזעץ, די רעגירונג זאָל באשאפען אן אימיגראציאָנס ביוראָ, וועלכער זאָל באקאנט מאכען די אימיגראנטען מיט די צושטאנ־דען פון די פארשידענע טיילען פון לאנד, די מעגליכקייט צו קריגען ארבייט א. א. וו.

מיט אלע אירע מיטעל, האָט די רעגירונגס־אינפאָרמאַ־ציאָנס ביוראָ דערוייל זעהר ווייניג אויפגעטאָן. און, מיר האָ־בען מורא, זי וועט ניט פיעל קאָנען אויפטאָן, וואָרים עס איז ניט קיין צופאל, אָדער א קאפּריז פון די אימיגראנטען, וואָס זיי געהען אלע נאָר אין זיבען שטאטען. עס איז דער צושטאנד פון דער אינדוסטריע אין דיזע זיבען שטאטען, וואָס ציהט צו זיך ווי א מאגנעט די אימיגראנטען, און אלע אינפאָרמאציעס, און אלע פארשפרעכונגען העלפען ניט.

מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט די יק"א געשיקט א פּארטיע אידישע עמיגראנטען נאָך גאלוועסטאָן, מיט דעם צוועק, „אפּ־צואווענדען די אימיגראציע". וויפיעל פון די זענען געבליבען אין גאלוועסטאָן? ווי איינער פון דיזע גאלוועסטאָנער אימי־גראנטען האָט פּערזענליך געזאָגט דעם שרייבער, זענען דאָרט נאָר געבליבען די, וואָס האָבען ניט געהאַט מיט וואָס צו פאָ־

רען. אין נויאָרק האָבען די דייטשע יהודים אָרגאניזירט א רעמואוועל אָפיס, א ביוראָ, וועלכע ווייזט אָן ארבייט אין אנ־דערע געגענדען, און גיט אויף הוצאות צו די וואָס ווילען פאָרען. קיין גרויס נחת הערען מיר ניט פון דער טעטיגקייט פון דער ביוראָ. אייניגע שטאַטען אין דער סויטה האָבען דורכגעפירט געזעצען צו העלפען אימיגראנטען וואָס ווילען זיך דאָרט באזעצען. דאָס האָט זיי אָבער ניט פיעל געהאָלפען: די אימיגראנטען געהען אין 7 שטאַטען, אין די שטאַטען וואו די אינדוסטריע איז צום מייסטען אנטוויקעלט.

דער פּועל יוצא פון דעם אלעם איז פאָלגענדער: עס איז לעכערליך און אומערליך צו רעדען פון באשרענקונג פון אימי־גראציע. עס איז פארברעכעריש צו רעדען פון באשרענקונג פון אידישע אימיגראציע. די אימיגראציע אין אלגעמיין וועט קיין מאָל ניט באשרענקט ווערען. עס זענען דאָ אייניגע פונקטען, וועלכע מאכען דעם אמעריקאנער גרויסע קאָפּ דרעהעניש. ער זוכט דיזע פונקטען צו פארענטפערען אויף דעם בעסטען וועג וואָס איז מעגליך, ווי עס באווייזט דאָס געזעץ וועגען אן אינ־פאָרמאציאָנס ביוראָ.

דיזע פונקטען זענען אָבער אזעלכע, וואָס לאָזען זיך ניט פארענטפערען. דער אמעריקאנער ווערט דאדורך אמאָל נערוועז אויף א קורצער צייט. אָבער דאָס קאן מען אים ניט פארדענ־קען, ער האָט א רעכט אויף דעם.

# די רעוואָלוציע און די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד *)

## ווער מאַכט ביידע?

די רעוואָלוציע אין רוסלאנד איז נאָך ווייט, ווייט ניט צו ענדע. קיין מענש קאָן נישט פאָראויסזאָגען ווען און ווי אזוי זי וועט זיך ענדיגען; קיין מענש קאָן ניט פאָראויסזעהן וואָסער פאָרמען זי וועט נאָך אָננעמען; קיין מענש איז ניט אימשטאנד צו באשטימען די ראָלע פון די פארשידענע קלאסען; קיין מענש קאָן ניט אָפּמעסטען די פארשידענע קרעפטען וואָס באטייליגען זיך אין דיזער רעוואָלוציע.

צו וואגען ארויסגעבען אן אורטהייל אין דער איצטיגער צייט און אונטער די איצטיגע אומשטאנדען וואָלט דארום געווען נאריש ווי גוצלאָז. נאָך נארישער וואָלט דאָס געווען פאר א מענשען, וואָסאיז שוין פיעל יאָהרען טויזענטער מיילען ווייט פון רוסלאנד.

דאָך זענען פאראן אייניגע פּונקטען, וועלכע ווארפען זיך אין די אויגען יעדען אויפמערקזאמען באאָבאכטער. אויף דיזע פּונקטען וויל איך דאָ אויפמערקזאם מאכען.

פאר אונז דאָ פּאסט דאָס בעסער ווי פאר מענשען אין רוס־לאנד; מיר זענען אין א געוויסען זינען „זייטיגע" מענשען, מיר קאָנען דאדורך זיין קאלטבלוטיגער און האָבען די מעגליכקייט זיך אָפּצושטעלען אויף באטראכטונגען.

ווי דער אויסגאנג פון דיזער רעוואָלוציע זאָל ניט זיין: צי זי וועט זיך ענדיגען מיט א קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנארכיע ווי אין דייטשלאנד, צי זי וועט דערגרייכען צו א מאָנארכיסטי־שער דעמאָקראטיע ווי אין ענגלאנד; צי עס וועט קומען אזוי ווייט, אז רוסלאנד זאָל ווערען א רעפּובליק ווי די פאראייניגטע שטאטען פון נאָרד אמעריקא, אָדער גאר א פעדעראטיווע רע־

*) „ד צוקונפט", דעצעמבער, 1905.

פּובליק ווי אין שווייצאַריע, פון וואס, אגב אורחא, ס'שיינט נאָך צו זיין זעהר ווייט; מיט איין וואָרט: ווי דער אויסגאַנג זאָל ניט זיין, איין זאך האָט דיזע רעוואָלוציע פעסטגעשטעלט. זי האָט דייטליך באוויזען, אַז די וועלט פירט זיך און פאָראגרע־סירט אויף דעם וועג ווי די מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפיע באהויפּטעט, אַז זי פירט זיך. ווי דער זיג זאָל ניט אויספאַלען, די מארקסיסטישע פילאָזאָפיע האָט שוין געהאַט איר גרויסען זיג.

מאכט ניט קיין טעות! איך זאָג ניט, אַז די וועלט פירט זיך ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטען ווילען, אָדער ווי פּלעכאַנאָוו, אָדער ווי די „איסקרא" אָדער אפילו ווי קאַרל מארקס וויל. איך זאָג נאָר, אַז די רעוואָלוציע האָט געצייגט, אַז די וועלט פירט זיך לויט געוויסע געזעצען, וועלכע קאַרל מארקס האָט אָנגעצייגט און וועלכע זענען באַקאַנט אלס די מאַטעריאַליס־טישע פילאָזאָפיע.

איינינגע רוסישע סאָציאַליסטען אין נויאָרק סטאַרען זיך צו באווייזען, אַז דעם גאַנצען כבוד פאַר די וויכטיגסטע פּאַסירונגען אין רוסלאַנד קומט די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָ־נערען. איינער פון דיזע „פילאָזאָפען" וויל זאָגאַר האָבען, אַז סאַזאָנאָוו'ס באָמבע, וועלכע האָט געטויטעט פּלעווע'ן, איז גע־ווען דער סיגנאַל צו דער רעוואָלוציע, א צווייטער באווייזט מיט אותות ומופתים, אַז די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען זענען געווען די הויפּט אָרגאַניזירער פון גענעראַל סטרייק, אַז זיי האָבען די מייסטע געוואַלטעוועט נעגען ניקאָלאַי'ס דומאַ א. א. וו., אין אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטען פאַרקערט האָבען אָפּגעראָטען פון דיזע אַלע זאכען. עס קען זיין, אַז דאָס אַלעס איז אמת, הגם אַלע דעפּעשען וואָס מיר ערהאַלטען דאָ זאָגען דאָס געגענטייל. עס איז, למשל, קיין צווייפעל איצט מער, אַז דער „פּאָטיאָמקין" אויפשטאַנד איז געווען אָרגאַניזירט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען; אַלע דעפּעשען דערמאָנען אין איין קול די סאָציאַל־דעמאָקראַטען אלס פירער פון דעם גענעראַל סטרייק. אָבער ווי געזאָגט, עס קאָן זיין, אַז די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען זענען די אמת'ע פירער פון דער רעוואָלוציע און אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטען מאַכען איין פעהלער גרעסער פון דעם אנדערען. מיך אינטערעסירט דאָס ווייניג. ניט איך

בין מחויב צו פּארטייענגען אלע האנדלונגען פון אלע סאָציאַל־דעמאָקראַטען אין דער גאנצער וועלט, נים איך וויל אוועק־מאכען אונטער'ן האנט די פארדינסטען פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. אויב זיי זענען ווירקליך דיזע וואָס האָבען אויפגעטאָן די הויפּט ארבייט, קומט זיי דער יישר כח, און די היסטאָריע וועט זיי דאָס געווים געבען מיט א פולער האנט. אָבער אויב דאָס איז אמת, דאן באווייזט עס ערשט רעכט, א ז די וועלט פירט זיך נאָך דעם מארק־סיזם.

מאנכע מיינען צו האָבען באוויזען זייער גאנצע געלערט־זאמקיים, מיט זייער גאנצער פילאָזאָפיע, ווען זיי קאָנען צוזאַ־מענשטעלען כראָנאָלאָגיש די פאקטען; ווען זיי קאָנען צייגען וואו און ווען און דורך וועמען געוויסע זאכען האָבען פאסירט. אזוי האָט מען געשריבען היסטאָריע אין די אלטע צייטען. היינט פארשטעהט מען די זאך אביסעל אנדערש. די פאקטען זענען טאקע וויכטיג, אָן זיי איז קיין היסטאָריע נימאָ, אָבער נאָך וויכטיגער זענען די א ו ר ז א כ ע ן, וואָס האָבען גע־פירט צו דיזע פאקטען. עס איז דאדורך נים וויכטיג ווי דער מאן וואָס האָט געוואָרפען די באָמבע האָט געהייסען, אָדער אין וואָס ער האָט געגלויבט; עס איז נים וויכטיג, וואָסער פילאָזאָ־פיע עס האָבען געהאט די מענשען, וואָס האָבען אָנגעפירט דעם „סטרייק". וויכטיג איז: פון וואנען קומט וואָס סאזאנאָוו האָט געוואָרפען די באָמבע, און פאר וואָס האָט דיזע באָמבע געמאכט אזא איינדרוק אויף מיליאָנען מענשען; פון וואנען קומט וואָס א קליינע צאָל מענשען האָט געקאָנט באוועגען מי־ליאָנען אנדערע מענשען אוועקצולייגען די ארבייט, זיך אונ־טערצואווארפען אונטער נויט און הונגער און אויף צו ריזיקי־רען מיט זייער לעבען? דאָס זענען די וויכטיגסטע פראגען און ווען מען וויל די אַלע פראגען פארענטפערען, שטויסט מען זיך אָן אָן גאנץ אנדערע טאטזאכען, און דאן מוז מען אנערקענען די באהויפּטונג „אז די וועלט געהט נאָך דעם מארקסיזם".

זייט צענדלינגער יאָרען איז אָנגעגאנגען א שטרייט אין די סאָציאַליסטישע רייהען וועגען דער קומענדיגער רעוואָלוציע אין רוסלאנד. די מארקסיסטען האָבען באהויפּטעט, אז רוסלאנד

וועט מוזען דורכמאַכען דעמזעלבען פּראָצעס פון אנטוויקלונג ווי אַלע אנדערע ציוויליזירטע פעלקער. זיי האָבען נאָכגעוויזען, אז ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס אין פּאָליטישער הינזיכט שטעהט רוסלאַנד ווייט הינטער אַלע ציוויליזירטע פעלקער, איז אָבער די אינדוסטריעלע אנטוויקלונג געקומען צו א הויכער שטופע. אז מיט דעם וואוקס פון קאפּיטאַליזם איז אויסגעוואַקסען א שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט, און אז עס וועט אויספאַלען אויף דעם שטאָטישען פּראָלעטאַריאַט צו באפרייען דאָס רוסישע פאָלק פון די סאַמאָדערזשאַוויע, פון דעם צאַרישען דעספּאָטיזם; אז מיט דיזער באוועגונג וועט זיך אָבער נאָך ניט ענדיגען די אויפגאַבע פון דעם ארבייטער קלאַס, ווייל די באַפרייאונג וועט אין ערשטער ליניע זיין לטובת דער בורזשואַזיע: מיט דעם שטורץ פון דער זעלבסטהערשאַפט וועט דער קאַפּיטאַליזם ערשט קריגען א פרייע האַנט זיך צו אנטוויקלען און צו וואַקסען. מיט דעם וואוקס פון קאַפּיטאַליזם מוז אָבער נויטווענדיגערווייז וואַקסען דער עלענד פון דעם ארבייטער־קלאַס. און דאַן ערשט וועט עס זיין די אויפגאַבע פון דעם ארבייטער־קלאַס אין רוסלאַנד, צוזאַמען מיט די ארבייטער פון אנדערע לענדער, זיך צו באפרייען פון דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע. אַזוי האָבען די מאַרקסיסטען אָנגעצייכענט דעם גאַנג פון אנטוויקלונג אין רוסלאַנד. זיי האָבען דאָס געטאָן אויף דעם גרונט פון דער מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע, וועלכע ווייל האָבען, אז דער הויפּט פּונקט אין דעם געזעלשאַפטליכען צוזאַמענלעבען, דאָס וויכטיגסטע ראָד ארום וועלכען דער גאַנצער פּראָצעס דרעהט זיך, זיינען די עקאָנאָמישע אומשטענדען. געשטיצט אויף דיזען האָבען זיי אָנגעווענדט זייער גאַנצע ענערגיע און טעטיגקייט אויפצואוועקען און אויפצוקלערען, און צו אָרגאַניזירען דעם רוסישען ארבייטער.

דער צווייטער צד, די וואָס רופען זיך סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, האָבען דאָס אין גאַנצען אָפּגעלייקענט. לויט זיי איז די גאַנצע פילאָזאָפיע א פאַלשע: די געשיכטע באַוועגט זיך ניט אויף דיזען אופן. אין דער געשיכטע, האָבען זיי באהויפּטעט, שפּילט די אינטעליגענציע די הויפּט ראָל. רוסלאַנד מוז דאַרום ניט דורכמאַכען די אַלע צרות און פּאָל־

נען פון קאפּיטאליזם. רוסלאנד האָט שוין א ביישפּיל, וואָס די אנדערע פעלקער האָבען אויפגעטאָן מיט דעם, וואָס זיי האָבען געהאָלפען דער בורזשואזיע קומען צו דער מאכט, און זי קאָן זיך אראָפּנעמען א מוסר און באלד איינפירען די סאָציאליסטי־שע געזעלשאפט. אלץ וואָס מען דארף איז, אז די אינטעלי־גענציע, וואָס ווייס די אלע זאכען, זאָל דאָס ערקלערען דעם פאָלק. זיי האָבען זיך נאָך דערביי געשטיצט אויף דער „קאָמוני־סטישער" איינפירונג אין די רוסישע דערפער, אויף די „אבּ־שטשינא".

אין רוסלאנד, האָבען זיי גע'טענה'ט, הערשט א פארציי־טיגער קאָמוניזם, עס וועט אלזאָ ניט זיין שווער דעם מוזשיק אויפצוקלערען און צו באווייזען די ברכות פון דעם אמת'ען קאָמוניזם. זיי האָבען זיך דארום א לאָז געטאָן „וו'נאראָד", און זיי זענען געוועזען איבערצייגט, אז אזוי שנעל ווי מען וועט פאר־טיג ווערען מיט דעם „אויפקלערען", וועט זיך דער מוזשיק דערהויבען אין זיין גאנצער מאיעסטעטישער מאכט און וועט מיט איין שליידער ארונטערוואַרפען דעם צאר מיט זיין גאנ־צער חברותא, מיט די קאפּיטאליסטען מיט האקעל שעלאקעל, און וועט איינפירען א סאָציאליסטישע געזעלשאפט.

פיעל בלוט איז צוליב דעם פארגאָסען געוואָרען, פיעל קרבנות זענען געפאלען, פיעל תליות האָבען די צארען הענקער אויפגעשטעלט, דער מוזשיק איז געבליבען גלייכגילטיג, ער האָט זיך ניט גערירט. און אז ער האָט זיך א ריר געטאָן, איז עס גיכער געוועזען, ווי דער מוזשיק אין טורגעניעוו'ס אן ערצעה־לונג, צו כאפּען א שטיקעל פון דעם שטריק, אויף וועלכען דער רעוואָלוציאָנער איז געהאנגען, פאר א סגולה.

צענדלינגער יאָרען זענען אזוי אוועק. נון, האָבען מיר ענדליך דערלעבט די רעוואָלוציע אין רוסלאנד.

און וואָס זעהען מי ראיצט? עס איז קוים דאָ איין מענש אין דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט, וואָס זאָל איצט נאָך דענקען, אז דער אויסגאנג פון דיזער רעוואָלוציע וועט פירען צו עטוואס אנדערש ווי צו דער הערשאפט פון דער בורזשואזיע. די ווילדסטע פאנטאזיע קאָן זיך ניט פאָרשטעלען, אז דיזער אויפשטאנד זאָל זיך ענדיגען מיט דער איינפירונג פון א סאָ־

ציאַליסטישער געזעלשאַפט. וואָסער פאָרמע די רעוואָלוציע זאָל ניט אָננעמען, עס קאָן מער קיין ספק ניט זיין, אז איצט פאַנגט זיך אָן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע.*)

עס איז ניט דאָ דאָס אָרט צו זאָגען אַ מיינונג וועגען באָלשעוויזם, אָבער איך גלויב קוים אויב דער באָלשעוויזם וועט זיך דערהאַלטען אין זיין איצטיגער פאָרמע. אַפילו אין דעם קליינעם משך פון זיין עקזיסטענץ, האָט ער זיך שוין פיעל געענדערט. איך גלויב נאָך היינט, אַז אין רוסלאַנד וועט זיך ערשט אָנהויבען די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, אויסער ווען די גאַנצע וועלט זאָל מיט אַמאָל ווערען „באָלשעוויסטיש“, סמנים פון וועלכען מען קאָן נאָך דערווייל ניט זעהן. סאָציאַליזם, פונקט ווי קאַפּיטאַליזם, מוז זיין אינטערנאַציאָנאַל. ביידע צוזאַמען קאָנען ניט עקזיסטירען.

עס קאָן זיין, אז אונטער דעם ספּעציעלען דרוק פון דעם אָרגאַניזירטען ארבייטער־קלאַס אין רוסלאַנד וועט דער פּראָלעטאַריאַט אויסקעמפען אביסעל מער רעכט פאַר זיך, דאָס קאָן זיין, הגם דאָס זעהט זיך נאָך ניט ארויס. די אומבאַדינגטע הערשאַפט אָבער וועט איבערגעהן אין די הענט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס. דיזע רעוואָלוציע וועט אלזאָ ניט איינפירען א סאָציאַליסטישע, נאָר א ריין קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט. זי וועט באַפרייען דעם קאַפּיטאַליזם פון דעם דעספּאָטיזם, וועלכער האָט אים ניט געלאָזען קומען צו זיך. דער ביטרער וויטע האָט דאָס זעהר גוט איינגעזעהן און האָט זאָגאַר פּרובירט מיט דעם אָפּצושרעקען די ארבייטער פון צו נעמען אנטייל, און אזוי ארום אָפּצוהאַלטען די רעוואָלוציע. דאָס אינטערעסאַנטע דערביי איז, אז דיזעלבע סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען האָבען אין דער פּראַקטיק מיטגעאַרבייט, און געטריי מיטגעאַרבייט, צו העלפען ברענגען דעם צושטאַנד, וועלכען זיי האָבען אזוי שטאַרק באַקעמפט מיט זייער „אינטעליגענץ“. און נאָך אינטערעסאַנטער איז וואָס זיי שרייען איצט, אז זיי קומט דער גרעסטער חלק לויתן.

---

*) אין דעם יאָהר 1905, ווען דיזער ארטיקעל איז געוואָרען געשריבען, האָט נאַטירליך קיין מענש ניט געקאָנט פאָראויסזעהן דעם באָלשעוויזם פון 1919.

פון דעם קומען מיר צו דעם צווייטען וויכטיגען פונקט, וועלכער ווארפט זיך אין די אויגען און וועלכען מען קאָן בשום אופן ניט אָפּלייקענען. דער פונקט איז, אז די רעוואָלוציע אין רוסלאנד ווערט געמאכט פון דעם ארבייטער קלאס. דאָס איז א פּראָלעטאריער רעוואָלוציע!

דאָס מיינט ניט צו זאָגען, אז די ארבייטער זענען די איינ־ציגע, וואָס מאכען די רעוואָלוציע. בשום אופן ניט! א רעוואָ־לוציע קאָן נאָר דאן זיין ערפאָלגרייך, ווען אלע קלאסען פון דער געזעלשאפט זענען פאראינטערעסירט און באטייליגען זיך אין איהר, און אין דיזער רעוואָלוציע באטייליגען זיך אָהן צווייי־פעל אלע קלאסען פון דער רוסישער געזעלשאפט. די איבער־ווענענדע קראפט, די טאָן־געבענדע מאכט איז אבער אָהן שום ספק דער ארבייטער קלאס. אין די פריהערדיגע רעוואָלוציעס, ווי די פראנצויזישע פון דעם 18טען יאָרהונדערט, און די רע־וואָלוציע, וואָס האָט ארומגערייזט גאנץ אייראָפּא אין 1848, האָבען די ארבייטער אויך פארגאָסען זייער בלוט. זיי זענען אָבער ניט געווען די פירענדע קראפט, דער טאָן פון יענע רעוואָ־לוציעס איז געקומען פון דער דאן אויפקומענדער בורזשואזיע. די ארבייטער זענען מיטגעשלעפט געוואָרען מיט דעם שטראָם. די איצטיגע רעוואָלוציע איז פונקט פארקערט: זי ווערט הויפטזעכליך געמאכט פון דעם ארבייטער־קלאס, ווערענד אלע אנדערע קלאסען ווערען מיטגעשלעפט.

טראָץ דעם, וואָס דער ארבייטער קלאס וועט ניט ער־האלטען די פולע פרוכט פון דיזער רעוואָלוציע; טראָץ דעם וואָס דעם וויכטיגסטען געווינס וועלען דערווייל ציהען די קאַ־פיטאליסטען, איז קיין צווייפעל, אז די רעוואָלוציע איז א פּראָ־לעטארישע רעוואָלוציע. און דאָס איז ניט קיין צופאל. עס ליגט אין דער באדינגונג פון די עקאָנאָמישע אומשטאנדען.

די דעספּאָטישע רעגירונג אין רוסלאנד איז ניט געווען בכח אין גאנצען אָפּצוהאלטען די אנטוויקלונג פון דעם קאפּי־טאליזם. די ערפינדונג און איינפירונג פון מאשינעריי אין אויסלאנד האָט געמוזט האָבען איהר ווירקונג אויף דער אינ־דוסטריע אין רוסלאנד. פון איין זייט האָט זי ניט געקאָנט בא־שטעהן נעגען דער אויסלענדישער קאָנקורענץ אויף דעם היי־

מישען מארק, צום טראָץ פון דעם הויכען טאריף; פון דער צווייטער זייט ווידער האָט רוסלאנד ניט געקאָנט זיך שטעלען געגען דער גרויסער קאָנקורענציע אויף איהר הויפּט אויספיר ארטיקעל, די תבואה. זי האָט זיך אלזאָ געמוזט וועלענדיג ניט וועלענדיג קאפּיטאליזירען. און ניט נאָר האָט די רעגירונג דער אנטוויקלונג ניט געשטערט, זי האָט איר געהאָלפען מיט אלע מיטלען. די גאנצע פּאָליטיק פון דער רעגירונג — די פּאָליטיק פון פארכאפּען פרעמדע לענדער, וועלכע האָט שליסליך גע־פירט צו דער מלחמה מיט יאפּאן, און וועלכע האָט פיעל בייגע־טראָגען צו דעם איצטיגען אויפשטאנד, וועלכער וועט ענדליך פירען צו דער באפרייאונג פון רוסלאנד — די גאנצע דיפּלאָ־מאטיע איז געווען געבויט אויף צו העלפען דער אנטוויקלונג פון קאפּיטאליזם. די קאפּיטאליסטען אין אלגעמיינעם האָבען זיך ניט געקאָנט באקלאָגען אויף דער זעלבסטהערשאפט, זי איז פאר זיי געווען א גרויסע שטיצע, ספּעציעל אין די קעמפע צווישען קאפּיטאל און ארבייט. דער איינציגער שטער וואָס זיי האָבען געפונען אין דער רעגירונג איז געווען, וואָס זי האָט אלץ געוואָלט אריינכאפּען פאר זיך, וואָס זי איז אליין געוואָ־רען דער גרעסטער קאפּיטאליסט, דער גרעסטער מאָנאָפּאָל, וואָס האָט אהן צווייפעל געהאָלפען אריינטרייבען די קאפּיטא־ליסטען און דעם מיטעל קלאס אין די רייהען פון דער רעוואָ־לוציע. אויסער דעם אָבער האָבען די קאפּיטאליסטען זיך ניט געקאָנט פיעל באקלאָגען.

די אנטוויקלונג פון קאפּיטאליזם האָט מיט זיך געבראכט רעמזעלבען עלענד, דיזעלבע צרות, וואָס עס האָט פאראורזאכט איבעראל, עס האָט אָבער צו דערזעלבער צייט אויך ארויסגע־בראכט די ווידערשטאנד קראַפט פון די ארבייטער. כדי צו פארבעסערען זייער לאַגע, כדי צו פארקלענערען דעם עלענד וואָס דער קאפּיטאליזם האָט אזוי אומערווארטעט אויף זיי ארויפגעבראכט, האָבען זיך די ארבייטער גענומען אָרגאניזי־רען, און דאָ האָט זיך אריינגעמישט די זעלבסטהערשאפט, אלס דער אמת׳ער „סטאָראָזש פון קאפּיטאל“. יעדע פאראייניגונג, יעדער סטרייק איז באטראכט געוואָרען אלס פארראט צום פאָטערלאנד; יעדער אגיטאטאָר, יעדער סטרייקער איז באַ־

שטראָפט געוואָרען אלס הויכפאררעטער. דער ארבייטער־קלאס איז אזוי ארום געוואָרען דער איינציגער אונטערדריקטער קלאס און דער עקאָנאָמישער קאמף — א ריין פאָליטישער קאמף. די צארען־רעגירונג האָט זיך ארויסגעוויזען אלס דער איינציגער שטער פון דעם פּראָלעטאריאט צו פארבעסערען זיין לאגע, און דער געשריי איז געוואָרען: נידער מיט דעם צאריזם.

דאָס איז אָבער ניט געקומען מיט אמאָל, א צייט לאנג איז עס געלונגען דער רעגירונג, דורך דער כיטרער פּאָליטיק פון דער זובאטאָווישער באוועגונג, איינצורעדען דעם ארבייטער, אז דער „צאר באטיושקא" איז זיין בעסטער פריינד. דער 22טער יאנואר 1905 האָט געגעבען דעם לעצטען קלאפּ צו דיזען גלויבען. אונטער דער פירונג פון דעם גלח גאפּאָן זענען די ארבייטער געגאנגען צו זייער „באטיושקא" זיך באקלאָגען אויף זיינע שלעכטע משרתים. זיי האָבען דאן נאָך געגלויבט, אז אלעס וואס מען דארף איז זיך אויסצורעדען זייער ביטער הארץ פאר דעם צאר. דעם ענטפער, וואָס זיי האָבען געקראָגען, איז געווען דייטליך: הונדערטער געפאלענע, טויטע און פארוואונדעטע, איז געווען דער ענטפער, וואָס „באטיושקא" האָט זיי געגעבען דורך דעם מויל פון „זיינע" ביקסען. דאָס איז געווען דער אמת'ער סיגנאל; דאָס האָט מיט אמאָל אראָפּ־געריסען דעם פינסטערען שלייער וואָס האָט געהאנגען ארום דעם צאר און זיין רעגירונג. פון איצט אָן איז דער ארבייטער א שונא זיין רעגירונג, איצט לאָזט ער זיך מער ניט נארען, איצט פאָדערט ער מיט זיין גאנצער מאכט: פרייהייט!

דאָס איז דער גאנג פון דער איצטיגער רעוואָלוציע אין רוסלאנד. איצט שטעהט דער ארבייטער ניט אליין, די בור־זשואזיע איז אויך שטארק פאראינטערעסירט אין זיין ערפאלג, און, ווי עס הערט זיך, האָט דער מוזשיק זיך אויך גענומען רי־רען, עס איז אָבער זיכער, אז דער מוזשיק אליין, ווי די בור־זשואזיע אליין וואָלטען קיין רעוואָלוציע ניט אונטערגענומען. מיט איבער פופציג יאָהר צוריק האָט מארקס געשריבען: „עס איז קלאָר און דורך דער געשיכטע פון אלע מאָדערנע לענדער באצייגט, אז די בויערען־באפעלקערונג קאָן קיין מאָל ניט אונ־טערנעמען א זעלבסטשטענדיגע באוועגונג מיט ערפאלג. דערצו

איז זי פארשפרייט אויף א צו גרויסער שטרעקע לאַנד, און עס איז זעהר שווער צוזאמענצוברענגען א גרויסען טייל צו גע־מיינשאפטליכער טעטיגקייט. די בויערען דארפען קריגען דעם ערשטען שטוים פון דער קאָנצענטרירטער אויפגעקלערטער און באוועגליכער באפעלקערונג פון די שטעט". די איצטיגע באוועגונג אין רוסלאַנד באווייזט דאָס דייטליך.

מאַנכע מענשען קומען אין גרויס התפעלות פון דעם, וואָס די רוסישע ארבייטער זענען געווען די ערשטע צו מאכען א רע־וואָלוציע דורך א גענעראַל סטרייק. מען קאָן זיי ניט פאַר־דענקען: עס איז א מערקווירדיג שעהן בילד, וואָס שטעלט זיך פאר אונזערע אויגען. עס איז ערהאבען צו זעהן ווי אין א שטאָט ווי פעטערבורג, שטעלען זיך אוועק אכט הונדערט טויזענט ארבייטער און ערקלערען: „גיט אונז פרייהייט, אָדער מיר ארבייטען ניט!" זיי באוואפנען זיך ניט, זיי שיסען ניט, זיי מערדערען ניט, זיי פארגיסען ניט קיין בלוט; זיי טוען ניט קיינס פון די זאכען, וואָס מען שטעלט זיך פאַר אונטער רעוואָלוציע. אלץ וואָס זיי טוען — זיי טוען גאָר ניט, און:

אלע רעדער שטעהען שטיל,
ווען דיין שטארקער ארעם וויל!

דאָס איז א מערקווירדיג בילד, א בילד, וואָס ווארפט ארויף א הייליגקייט אויף מענשען, א בילד וואָס די וועלט גע־שיכטע האָט ביז איצט ניט זיין גלייכען, און נאָך ערקווי־קענדער איז צו זעהן, ווי א גרויסע, מעכטיגע, טויזענט יעריגע דעספּאָטיע פאלט אויף אירע קניע פאר דיזען „רוהיגען" אָבער מעכטיגען געשריי. פון דעם אויבען געזאָגטען אָבער וועט מען איינזעהן, אז דער גענעראַל סטרייק אין רוסלאַנד איז די נאַטיר־ליכסטע זאך אין דער וועלט. די גאנצע רעוואָלוציאָנערע באַ־וועגונג איז אין גרונט גענומען א „סטרייק" באוועגונג. א חוץ דעם איז דער גענעראַל סטרייק אין רוסלאַנד, מער ווי אין אלע אנדערע לענדער, דאָס איינציגע מיטעל. צוויי וועגען האָט דער ארבייטער קלאַס געהאט פאר זיך; די באריקאדען און דעם גענעראַל סטרייק. נו, זענען די צייטען פאר באריקאדען פארביי, מיט באריקאדען זענען די ארבייטער די שוואכערע, מיט גענעראַל סטרייק, די מעכטיגערע. נאַטירליך איז נאָך

ניט זיכער, אז אלעס וועט אָפּגעהן אזוי לייכט, עס קאָן נאָך זעהר לייכט קומען צו אן אלגעמיינער אויסשלאכטונג, אָבער אויב דאָס וועט קומען, וועט די שולד פאלען אויף דעם קאָפּ פון דער רעאקציע. אלעס בלוט וואָס איז ביז איצט פארגאָסען געוואָרען איז געקומען פון יענער זייט. די רעוואָלוציע האָט נאָך קיין בלוט ניט פארגאָסען, די רעוואָלוציע טוט איר אר־בייט פרידליך! זאָגאר מיט א מעכטיגער קרינגשיף אין זייער האנט האָבען די רעוואָלוציאָנערען געהיט זיך צו פארגיסען בלוט. דאָס זאָל מען ניט פארגעסען!

* * *

דיזע לעצטע באהויפּטונג פירט אונז צו די אומגליקליכ־סטע פון אלע פּאסירונגען, צו די פּאָגראָמען.

פארוואונדערט שטעהט די גאנצע וועלט און קאָן זיך ניט פארענטפערען דיזען אומגליק. מיט א פארוואונדעטע הארץ און א צעבלוטיגטען קאָפּ שטעהט דער איד אין מיטען פון די אלע פּאסירונגען. לאנג און שווער האָט ער געארבייט, מיטהעל־פענדיג צו ברענגען אזא צושטאנד פון באפרייאונג. מיט דער גאנצער באגייסטערונג פון זיין צעווייטאָגטער נשמה, מיט דעם גאנצען פייער, וואָס האָט זיך ווי א וואולקאן אנגעזאמעלט אין זיין בלוטיגען הארץ פאר טויזענטער יאָהרען פון פארפאָלגונג און ליידען, מיט דעם גאנצען פייער זיינעם, האָט ער זיך אריינגעוואָרפען אין דעם באפרייאונגס קאמף. ער האָט זיך פארגעסען, ער האָט זיך פארלייקענט, ער איז געגאנגען אויף דעם עשאפאָט, ער איז געגאנגען אין סיביר, האָט זיך אויף קיין זאך ניט אפּגעשטעלט, ער האָט געקעמפּט און געהאָפּט אויף דעם גליקליכען טאָג, ווען די גלאָקען פון די רוסישע קיר־כען וועלען פארקינדיגען פרייהייט פאר דעם רוסישען פאָלק. ער האָט דאָס כמעט דערלעבט, די צייט איז ניט ווייט, די ער־שטע קעמפּע זיינען אויסגעפאָכטען, אָבער, אָ וועה! אנשטאָט צו נעמען אנטייל אין דער אלגעמיינער פרייד, שטעהט דער איד, אן אבל,, ארום א באָרת הרוגים, צעקאליעטשעטע און געשענדע־טע; באוויינט ער זיינע געמערדעטע קינדער, זיינע געשענדעטע טעכטער אָדער שוועסטער; קיין בלוט איז ניט פארגאָסען גע־וואָרען, אָבער אידיש בלוט רינט ווי וואסער! איז דאָס דער

רעזולטאַט פון דער לאַנג ערוואַרטעטער און מיט אומגעדולד ער־האָפּטער רעוואָלוציע? איז דאָס זיין פאַרגעלטונג פאַר די קרבנות, פאַר דער מסירת נפש, פאַר די מארטירער, פאַר דעם בלוט וואָס ער האָט צוגעשטעלט צו דער באַפרייאונגס ארמיי? זענען דאָס די רציחות פון דעם רוסישען פאָלק? ווערען דיזע מערדערייען באַגאַנגען פון דעמזעלבען פאָלק, וואָס קעמפט איצט פאַר אַלגעמיינער פרייהייט?

אויף אַ שווערער פראַגע איז דער איד געשטעלט; אַ שווע־רען עקזאַמען האָט ער דורכצומאַכען. עס איז שווער צו פילאָ־זאָפירען אונטער אַזעלכע אומשטענדען; עס איז שווער צו טרייסטען דעם אידען, עס איז שווער אים צו ראַטען, עס איז שווער אים אויסצוריידען זיין וועהטאָג. און דאָך... און דאָך מוז איך זאָגען: די רעוואָלוציע, איז די איינציגע הילף פאַר דעם אידען! די רעוואָלוציע, און נאָר די רעוואָלוציע, וועט אים באַפרייען פון זיינע ליידען; וואָרים אַזוי זיכער ווי עס איז, אַז די רעוואָלוציע ווערט געמאַכט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, אַזוי זיכער איז, אַז די פּאָגראָמען ווערען געמאַכט פון דעם לומ־פען־פּראָלעטאַריאַט. דער לומפען־פּראָלעטאַריאַט איז אָבער געוויינליך פייג. ער איז פעהיג צי באַגעהן די שענדליכסטע פאַרברעכענס, אָבער ער האָט מורא פאַר דער מינדסטער קראַפט. נעמט צו די רעגירונגס־שטיצע פון דעם לומפען־פּראָלעטאַריאַט, און ער וועט ניט וואַגען אויפצוהויבען אַ האַנט. און אַז דיזע אַלע מערדערייען זענען דירעקט אָרגאַני־זירט געוואָרען פון דער רעגירונג קאָן מען קוים צווייפלען. פון די פאַרשידענסטע זייטען הערט מען דיזעלבע באַריכטען. פריינד און פיינד פון דער רעוואָלוציע זענען אַלע איינשטימיג, אַז די הריגות זענען געקומען פון דער רעגירונג און מיט דער הילף פון דער רעגירונג. דער איינפאַכסטער, דער אויגענשיינ־ליכסטער שלום מוז אַלזאָ זיין: מאַכט אַ סוף צו דיזער פאַר־ברעכערישער רעגירונג, און עס וועט ממילא קומען אַ סוף צו די הריגות.

איך ווייס די טענה, וואָס מען קאָן צו מיר האָבען: פון וואַנען קומט דאָס, וואָס מען מערדערט נאָר אידען? ווען דער אנטיסעמיטיזם וואָלט ניט געווען אַזוי איינגעוואָרצעלט

בײ די רוסען, וואָלט געווען אוממעגליך אים אויפצורייצען צו קוילענען אידען: וואו זענען די רעוואָלוציאָנערען? ווארום האָבען זיי ניט פּראָטעסטירט? א. א. וו., א. א. וו. איך ווייס די אלע טענות. אָבער מיר שיינט, אז זיי האָבען קיין ממשות ניט. מען דארף גאָר ניט געהן קיין אדעס צו קריגען הוליגאנעס, איהר קאָנט היינט צו טאָג געפינען אין נויאָרק, לאָנדאָן אָדער פאריז צוואנציג טויזענט הוליגאנעס, וואָס זענען פארטיג צו באגעהן דיזעלבע פארברעכענס ניט נאָר געגען אידען, נאָר געגען יעדען אנדערען קלאַס מענשען. דאָס איז די קללה פון קאפּיטאליזם. יעדע גרויסע שטאָט האָט איהר לומפּען־פּראָלעטאריאט און ער פעהלט אויך ניט אין אדעס.

די לעצטע פּאָגראָמען זענען פּאָרגעקומען אין די אמת רוסישע שטעט. אין ווארשא איז קיין פּאָגראָם ניט געווען. דערפאר האָט זיך אין פּוילען אנטוויקעלט א פּויליש נאציאָנאליסטישע באוועגונג, וועלכע איז אָהן צווייפעל א רעאקציאָנערע באוועגונג אונטער די אומשטאנדען, און וועלכע קאָן זעהר פיל שאָדען דעם גאנג פון דער רעוואָלוציע, און וועלכע איז אויך אונטערשטיצט געוואָרען פון דער רעגירונג, ווי דער פּראָטעסט פון פּוילישע סאָציאליסטען צו וויטע באווייזט דייטליך. אין קאווקאז ווידער קוילענען די ארמעניער מיט די טאטארען זיך איינע די אנדערע. עס איז די אלגעמיינע פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג צו דערווייטערען די פארשידענע פעלקער איינע פון די אנדערע. אין די רוסישע שטעט זענען די אידען דער איינציגער „פרעמדער" עלעמענט. מיט די אידען האָט די רעגירונג נאָך עקסטרע חשבונות. זי האַלט זיי פאראנטוואָרטליך פאר פיעל פון איהרע צרות. און בלוטדורשטיג ווי די סאמאָדערזשאַוויע איז, און מעכטיג ווי זי איז נאָך דערוויל, האָט זי זיך מיט דעם גאנצען וואוט איהרען ארויפגעוואָרפען אויף דעם אומבאוואפענטען אידען. ווער עס וויל דאָס ניט איינזעהן פארמאכט מט געוואלד די אויגען. פארוואָס פּראָטעסטירען ניט די רעוואָלוציאָנערען? ערשטענס, ווייס מען נאָך ניט גענוי וואָס דאָרט איז פּאָרגעקומען, וואָס ווייטער ווערט מען אלץ מער געוואָר אז די רעוואָלוציאָנערע קריסטען האָבען פארטיידיגט און זענען געפאלען פארטיידיגענדיג די אידען; צווייטענס, געגען

וועמען זאָלען זיי פּראָטעסטירען ? די זאך איז ניט געמאכט געוואָרען אָפיציעל, קיין אוקאזען מיט מאניפעסטען זענען ניט ארויסגעגעבען געוואָרען. באוואוסט ווי די זאך איז, קאָן מען אָבער אָפיציעל ניט פּראָטעסטירען געגען דער רעגירונג, די אי־דען אפילו קאָנען דאָס אויך ניט טאָן. וואָלט געגען די אידען ארויסגעגעבען געוואָרען אן אוקאז פון דער רעגירונג, אזוי ווי געגען פּוילען, בין איך זיכער, אז די ארבייטער וואָלטען געלאָזט הערען זייער שטים, ווי זיי האָבען עס געטאָן ווענען די פּאָ־לאקען.

דאָס איז גאנץ לייכט צו זאָגען, זיצענדיג אין נויאָרק בשלום און בשלוה, וועט מען ענטפערען, עס איז אָבער ניט לייכט פאר די אידען אין רוסלאנד, עס איז ניט לייכט פאר די אידען אין ארע״ב. א טעות ! דאָס איז גאָר ניט אזוי לייכט ווי מען דענקט. מיט א בלוטיג הארץ אין מיט טרעטען אין די אויגען שרייב איך דיזע ווערטער, אָבער די ערגסטע צווישען אַלע צרות איז, ווען מען פארלירט דעם קאָפּ. שרייען און ליארמען גלאט אין דער וועלט אריין העלפט קיינעם ניט. מיר הערען איצט געשרייען פון אלע זייטען, אלע לויפען און פאדען, אייניגע שרייען, מען דארף געהן קיין פּאלעסטינא, אנדערע ווילען האָבען א טעריטאָריע אין אפריקא אָדער איר־גענדוואו. מען זאמעלט נעלט צו שטיצען די אלמנות און יתומים, מען זאמעלט געלט אויף געוועהר פאר זעלבסטפּארטיי־דיגונג. איך קאָן ניט זיין געגען איינע פון די טעטיגקייטען. אָבער מיר שיינט, אז דאָס איז ניט די הויפּטזאך. דיזע אלע זא־כען וועלען ניט ברענגען די ישועה : עס וואָלט אודאי געווען א גלייכע זאך, ווען די אידען וואָלטען געקאָנט האָבען א טערי־טאָריע. די צרה איז אָבער ניט אזוי מיט דער טעריטאָריע, ווי מיט די אידען אליין. זיי פּאָרען ניט. דער טעריטאָריא־ליזם איז גראָד ווי די אסימילאציע : איהר מעגט באשליסען וויפיעל איהר ווילט, אז עס איז א יושר די אידען זאָלען זיך אסי־מילירען. זיי הערען אייך צו, אָבער זיי אסימילירען זיך ניט !

מיט דער טעריטאָריע איז דיזעלבע זאך. איהר קאָנט בא־שליסען, אָבער די אידען פּאָרען ניט. א גאנץ פאלק פּאָרט ניט איבער פון איין עק וועלט צום צווייטען אזוי לייכט.

די עקאָנאָמישע אומשטענדען זענען בכח צו צווינגען דעם וואַנ־דערשטאָק אין דער האַנט פון א פאלק. און ניט נאר וועלען די אידען ניט פאָרען פון רוסלאנד, נאָר טויזענטער אידען וועלען צוריקפאָרען אין רוסלאנד אזוי שנעל ווי רוסלאנד וועט זיין פריי. ס'איז קיין צווייפעל ניט, אז מ'דארף קריגען אזויפיעל געלט ווי מעגליך צו לינדערען די צרות פון די אלמנות און יתומים, פון די פארוואונדעטע און פון די וואָס זענען געבליבען אָהן א היים און אָהן ברויט. דאָס וועט אָבער ניט אָפּהאלטען די ווייטערדיגע פּאָ־גראָמען. געלט איז געוועזען איז איינענטליך די וויכטיגסטע און נויטווענדיגסטע זאַך איצט. אָבער איך קאָן זיך ניט איינרעדען, אז דאָס וועט ווירקליך ברענגען די ישועה פאר אידען. א רעוואָל־ווער אין האַנט איז די איינציגע און בעסטע זאך נעגען א פיינד און לומפּיגען באנדיט. דער רעוואלווער האָט אָבער ניט קיין קראפט, ווען הינטער דעם באנדיט שטעהט א ראָטע סאָלדאטען מיט הארמאטען. ווען די פּאָגראָמען וואָלטען געקומען פון די הוליגאנעם, וואָלט דער רעוואָלווער געווען נאָך איבערגענוג, וואָלטען זיי געקומען פון דעם רוסישען פאלק, וואָלטען קיינע רעוואָלווערס און קיינע קאנאָנען ניט געהאָלפען. די פּאָגראָמען קומען פון דער רעגירונג, געגען איהר איז דער רעוואָלווער מאכטלאָז. די רעוואָלוציע איז די איינציגע מאכט, וואָס קאָן באזיגען דיזע מאכט, וואָס קאָן פארניכטען דעם ווארצעל פון וואנען די אידישע צרות שטאמען. העלפט דער רעוואָלוציע, און איהר העלפט זיך! די רעוואָלוציע איז פרידליך, זי פאר־גיסט קיין בלוט. בלוט ווערט פארגאָסען פון דער רעגירונג און איהרע געדונגענע הוליגאנעם.

# פעלקערקאַמף, אידעענקאַמף און קלאַסענ־קאַמף *)

צוזאמען מיט דער בארבארישער, אוממענשליכער מלחמה, וואָס שפּילט זיך איצט אָפּ אין אייראָפּא, געהט אָן א זייטיגע מלחמה, א מלחמה וואָס איז דער פּועל יוצא פון דער ערשטער, א מלחמה וואָס וועט זיך ציהען לאנג נאָכדעם ווי די ערשטע מלחמה וועט שוין זיין איינגעשטילט, און וועלכע וועט פון די צוקונפטיגע געשיכטס שרייבער און פילאָזאָפען אוודאי ווערען אוועקגעשטעלט אלס די סיבה פון דער ריכטיגער מלחמה. דיזע צווייטע מלחמה, דער צושפּיל, אזוי צו זאָגען, איז די אידעען מלחמה. די דאָזיגע אידעען מלחמה איז ניט אזוי שרעקליך, ניט אזוי אוממענשליך ווי יענע וואָס ווערט אויסגעקעמפט מיט ביקסען און באיאָנעטען, קאנאָנען און באָמבעס; איהרע וואפען זענען די וואפען פון גייסט, זי איז אָבער אין גייסטיגען זין ניט וויינינגער געפערליך, און זי איז מער אלגעמיין, וואָרום אין דיזער אידעען מלחמה באטייליגען זיך אויך די פעלקער, וואָס האָבען אין דער ערשטער קיין חלק. און דיזע מלחמה, פונקט ווי יענע, ווערט געפירט נאָך אלע רעגעלען פון מלחמה, זי האָט איהרע גענעראלען און איהרע סאָלדאטען, איהרע נצחונות און איהרע ני־דערלאגען, איהרע געפאלענע און איהרע פארוואונדעטע. די גע־נעראלען אין דיזער מלחמה זענען די געלערטע פילאָזאָפען און קינסטלער פון די פארשידענע לענדער, די וואפען זענען די גע־לערטע געדאנקען און ציטאטען, סענטימענטען און היסטאָרישע באווייזען. דאָס פליהען אין דער לופט, ווערט באזאָרגט פון די פּאָעטען אין די פארשידענע לאגערען. העקעל, אויקען, דר. דערנבערג, לאמפּרעכט; דזשיימס בריים, זאנגוויל, קיפּלינג; פערערא, אנאטאָל פראנס, בראנדער מאטיוס, עליאָט, סלאָון;

---

*) „דער אידישער סאָציאַליסט“, נאָוועמבער, 1914.

זשול גע״, וואַנדערוועלדע, קראָפּאָטקין און פּלעכאַנאָוו, מיט א גרויסע מתּנה, וואָס אונטערשטיצען זיי, שמעהען אין די פראָנט רייהען. און יעדער צד קעמפּט מיט געשיקטקייט און געלער־זאמקייט, מיט רעכט און גערעכטיגקייט אויף זיין זייט. עסט־רייך פאַרטיידיגט איהר רעכט געגען סערביען צו באַשטראָפען א שכן, וואָס באַנעמט זיך ניט אָנשטענדיג; רוסלאַנד נעמט זיך אָן פאַר דעם קליינעם און שוואַכען סלאַווישען ברודער; דייטש־לאַנד וויל אויסהיטען, אַז די הויכע גערמאַנישע קולטור זאָל ניט טמא ווערען פון דער האַנט פון דעם באַרבאַרישען און האַלב ווילדען קאָזאַק; פראַנקרייך קעמפט פאַר איהר נאַציאָ־נאַלען פאַרלוסט; בעלגיען בלוטיגט צוליב איהר רעכט אלס א זעלבסטשטענדיגע נאַציאָן, און ענגלאַנד מוז באַשיצען די קלע־נערע פעלקער און פאַרניכטען דעם געפערליכען דייטשען מילי־טאַריזם. און יעדער פון זיי לייקענט אָפּ, אַז זיין פאָלק איז דער אָנפאַנגער פון דער מלחמה, און יעדער פון זיי באַהויפּטעט צו זיין דער אָנגעגריפענער, און קיינער דערצעהלט ניט דעם אמת'ן גרונד פון דיזען שוידערליכען מענשען מאָרד, פון דיזע מערדע־רישע פאַרניכטונג און פאַרוויסטונג. אַזוי אַרום מאַכט דיזע אידעען מלחמה אָן א פאַרוויסטונג אין די מוחות פון דער גאַנ־צער מענשהייט, און באַשאַפט לעגענדען פון גרויסע, געפערליכע מלחמות, וואָס ווערען געפירט צוליב גרויסע אידעען און אידעאַלען.

דער גרעסטער קאָנקורענט פאַר דייטשלאַנד אויף דעם שלאַכטפעלד איז ענגלאַנד, און די גאַנצע וועלט, פיהלט, אַז עס איז ענגלאַנד, וועלכע וועט צעשטערען אַלע נצחונות פון דער דייטשער שווערד. דער שאַרפסטער קאַמף אין דער דאָזיגער אי־דעען מלחמה ווערט דאַדורך געפירט צווישען דייטשלאַנד און ענגלאַנד. ענגלאַנד, ווי עס זעהט אויס אויבערפלעכליך, האָט קיין דירעקטע אורזאַך זיך צו באַטייליגען אין דער מלחמה, און די דייטשע געלערטע און דיפּלאָמאַטען האָבען אָנגעשטעלט זייע־רע גרעסטע געלערטען־קאַנאָנען געגען ענגלאַנד. זיי אַנטזאַגען זיך פון יעדער קולטור־געמיינשאַפט מיט ענגלאַנד. פּראָפעסאָר רענטגען, דער ערפינדער פון די רענטגען־שטראַלען, האָט זאָגאַר פאַרניכטעט א מעדאַל, וואָס ער האָט ערהאַלטען פון דער ענג־

לישער אקאדעמיע; די ענגלישע געלערטע פון זייער צד פארטיי־
דיגען די פאזיציע מיט זייער גאנצער קראפט. דער פארטיידי־
גונגס פונקט איז: די נייטראליטעט פון בעלגיען. דייטשלאנד
האט מיט־אונטערשריבען דעם אפמאך צו האלטען בעלגיען נייי־
טראל. און ענגלאנד מוז אפהיטען די הייליגקייט פון אן אפ־
מאך. „וואס איז אן אפמאך?“ שרייט אוים דער דייטשער
רייכס־קאנצלער, „ניט מער ווי א שטיקעל פאפיר“, און וואו איז
עס געהערט געווארען, אז א מעכטיג און גרויס לאנד זאל זיך
פארוויקלען אין אזא גרויסער מלחמה צוליב אן אפמאך? קומט
דער בארימטער ענגלישער געלערטער און שטאטסמאן דזשיימס
בריים און באווייזט, אז אן אפמאך איז א הייליגע זאך און מוז
געהאלטען ווערען; און עס ווערט געבוירען א לעגענדע: ענג־
לאנד איז נעגאנגען אין מלחמה צוליב א „שטיקל פאפיר“. „א
שקא דריספק חרב ביתר!“ ביתר איז חרוב געווארען צוליב אן
אקסעל פון א וואגען. און דיזע לעגענדען ווערען שפעטער דער
גרונטשטיין פון געשיכטע־שרייבערייי און פילאזאפיע.

אין דיזען אידעען קאמף זענען איינינע אידעען שוין געפאל־
לען. עס איז, למשל, געפאלען די אידעע פון דעם „איבערמענש“.
די גאנצע וועלט שטעהט מיט יראת הכבוד פאר דער דייטשער
קולטור, אלע אנערקענען דעם חוב, וואס די מענשהייט איז שול־
דיג צו דעם דייטשען פאלק פאר זיין בייטראג צו דער מענשלי־
כער קולטור, אבער דיזעס איז געטריבען געווארען צו וויים. האט
דייטשע פאלק איז כמעט שוין געוועזען אנערקענט אלס ניטשעס
„איבערמענש“. די וועלט האט שוין אנגעהויבען צו גלויבען, אז
„דייטשלאנד איבער אלעס“, אז קיין פאלק, קיין נאציאן קאן זיך
ניט אויסגלייכען מיט דייטשלאנד. אין דעם אידעען קאמף פון
היינט האבען זיך די געלערטע אנגעהויבען צו מעסטען מיט די
כחות, און עס איז ארויסגעקומען, אז ווערענד דייטשלאנד
שטעהט זעהר הויך אין קולטור, האט עס אבער ניט וואס צו
פאררייסען דעם קאפ נעגען די אנדערע פעלקער. בראנדער־
מאטיוס, דער אמעריקאנער קריטיקער ווייזט אן, אז די גרעסטע
ערפינדונגען פון דעם 19טען יארהונדערט קומען ניט פון דייטש־
לאנד. דער טעלעגראף, טעלעפאן, דער פאנאגראף, די מואווינג
פיקטשורס, די נעה מאשין קומען ניט פון דייטשלאנד. „אז די

דייטשען האָבען פיל בייגעטראָגען צו דער וויסענשאפט איז גאָר קיין פראגע; עס איז אָבער פונקט אזוי וויינינג א פראגע, אז די צוויי העכסטע וויסענשאפטסמענער פון די צווייטע העלפט פון דעם 19טען יאָרהונדערט זענען דארווין און פאסטעור. אין דער כעמיע זענען די דייטשען פיאָנערען; דאָך איז מענדעלעוו דער גרעסטער פון די מאָדערנע כעמיקער". דאָסזעלבע געפינט ער אין דער שענער ליטעראטור און אין די אנדערע קונסטען. טאָל־סטאָי און טורגעניעוו קומען גראָד פון דעם „בארבארישען" רוס־לאנד, און אפילו אין דייטשלאנד גופא, איז דער גרעסטער פּאָעט זייט געטהע, ביז צו די נייע דראמאטיסטען ווי זודערמאַן און הויפּטמאַן, געוועזען היינריך היינע, א איד. דזשיימס בריים געהט נאָך ווייטער. ער זוכט צו באווייזען, אז פאר דער קולטור איז גאָר ניט נויטיג קיין גרויסע און מעכטיגע פעלקער, און ער ווייזט אָן אויף די אידען און גריכען פון אלטערטום, די צוויי קלענסטע פעלקער פון זייער צייט, וואָס האָבען ארויסגעבראכט די העכסטע קולטורען. ער ווייזט אויך אָן אויף דעם קליינעם נאָרוועגען מיט איהר איבסען און ביאָרנסאָן. דער בארימטעה איטאליענישער היסטאָריקער פערערא שרייבט: „דייטשלאנד רעפּרעזענטירט דעם קוואנטיטאטיווען עלעמענט פון דער מאָ־דערנער קולטור, און פראנקרייך די קוואליטאטיווע". און דער איטאליענישער סאָציאליסט רעל סעטא האָט געזאָגט צו דר. סודעקום, דעם דייטשען סאָציאליסט: „איהר רעדט פון דייי־טשער ציוויליזאציאָן, וועלכע איז אין געפאר, אָבער מיר קאָנען ניט זעהן קיין קולטור אין דעם, אז מען גרייפט אָן און מען קוועלט דאָס נייטראלע בעלגיום, און מען צעשטערט לוואוואן". אויף אזא אופן איז געשטאָרבען דער „איבערמענש". מיר ווע־לען נאָך איהם קיין קדיש ניט זאָגען. די איבערמענשען אנט־וויקלען זיך געוויינליך צו אוממענשען. דער „איבערמענש" איז פאָרמולירט געוואָרען פון דעם דייטשען פילאָזאָף ניטשע, ער איז אָבער אין אמת'ען א פּראָדוקט פון דעם דייטשען מילי־טאריזם. די קולטור אין דייטשלאנד איז באשאפען געוואָרען פון דעם „מענש", און דער וועט בלייבען לעבען, צו דייטשלאנד וועט געווינען צי פארשפּילען. זעהר ריכטיג איז די באמער־קונג פון דזשיימס בריים, אז די גרעסטע קולטורעלע ווערטען

זענען באשפען געוואָרען אין דייטשלאנד, איידער עס איז גע־
ווען א מעכטיגע אימפעריע, אז „די צייט פון קאנט און לעסינג
און געטהע; פון העגעל און שילער און פיכטע איז ד' צייט ווען
עס איז נאָך ניט געווען קיין דייטשער שטאט.“

דער געפאלענער „איבערמענש“ אינטערעסירט אונז ווייי־
ניג. עס איז אָבער דאָ אן אנדער פונקט אין דעם אידעען קאמף,
וואָס אינטערעסירט אונז זעהר פיל, ווארום דיזער פונקט האָט
ארויסגערופען א וועלט מיט נייע פראָבלעמען, וואָס מאכט נויט־
ווענדיג אויפסניי צו רעווידירען די לערע, וואָס האָט מער פון
אלע אנדערע ארומגעכאפט די מאָדערנע מענשהייט .

די ערשטע צוויי אידעען, וואָס האָבען זיך באגעגענט אויף
דעם שלאכטפעלד פון דעם אידעען קאמף, זענען געווען די אי־
דעען: נאציאָנאל אָדער אינטערנאציאָנאל; נאציע אָדער
קלאס? איז די נאציע דער עיקר און דער קלאס דער טפל אָדער
פארקערט? דארף מען פארלייקענען די נאציע און קעמפען מיט
און פאר דעם אייגענעם קלאס, אפילו דאן ווען די נאציע איז אין
געפאר, אָדער דארף מען האלטען מיט דער נאציע אפילו דאן,
ווען דער אייגענער קלאס איז אין געפאר? מיט אנדערע ווער־
טער: איז דער קלאסענקאמף נאָר א קאמף אינערהאלב די איי־
גענע נאציע און ווערט בטל אזוי שנעל ווי נאציע שטעלט זיך
געגען נאציע, אָדער איז דער קלאסענקאמף באגרינדעט אויף
דער אינטערנאציאָנאליטעט פון דעם ארבייטער קלאס, אויף
דעם געדאנק: „ארבייטער אלער לענדער פאראייניגט אייך?“
דער ערשטער צוזאמענשטויס איז פאָרגעקומען אויף דעם דאָזי־
גען פעלד, און דעם נצחון האָט ארויסגעטראָגען די נאציע אידעע
די קלאסענקאמף אידעע, וואָס איז באגרינדעט אויף דעם אינ־
טערנאציאָנאליזם איז געפאלען א טויטליך פארוואונדעטע, דער
ערשטער קרבן אין דער מלחמה! זי איז פון דער וואונד נאָך
דערווייל ניט געשטאָרבען. עס איז נאָך דאָ א האָפנונג, אז זי
וועט זיך ערהאָלען פון דעם קלאפ, און מיט באנייטע קרעפטען
אויפנעמען דעם קאמף. מען קאָן אָבער ניט לייקענען, אז דער
קלאפ איז א שווערער, די וואונד א געפעהרליכע, און עס איז
דאָ א סכנה, עס קאָן איינטרעטען בלוט פארגיפטונג, און פאר־
גיפטען דעם גאנצען גוף פון דעם אינטערנאציאָנאל. דאָס ערנ־

סטע דערביי איז, וואָס עס איז איינענטליך נאָר קיין קאמף ניט געווען, וואָס די קלאסענקאמף אידעע איז געפאלען ניט פרוּ־בירענדיג זיך צו ווערהרען, און וואָס זי שיינט צו האָבען קנאפּ פּארטיידינער, וואָס איהרע פּארטיידיגער האָבען אוועקגעוואָר־פען די וואפען און זיך געכאפּט פאר די וואפען פון דער נאציע.

מען זאָגט אונז: נאָך דער מלחמה וועלען זיך די סאָציאַ־ליסטען ווידער צוזאמענקומען און ווידער פרעריגען קלאסענקאמף און אחדות צווישען פעלקער. אָבער דאָס איז א קנאפּע נחמה. נאָך דער מלחמה וועלען זיך די רעגירונגען אויך צוזאמענקומען, און איינע פון די וואָס באקעמפען זיך איצט וועלען זיך נאָך אפשר פאראייניגען נעגענאיבער די, מיט וועלכע זיי קעמפען צוזאמען, ווי עס איז שוין פיל מאָל פאָרגעקומען אין דער גע־שיכטע. מיט דער טרייסט פון „נאָך דער מלחמה" וועט די וואונד זיך ניט פארהיילען, עס וועט אלע מאָל בלייבען דער פאקט, אז די דייטשע סאָציאלדעמאָקראטיע, דער „איבערמענש" אין דעם סאָציאליזם, די וועלכע איז געווען דער מוסטער פאר דער גאנצער וועלט, וועלכע האָט פון זיך ארויסגעגעבען די תורה פון אינטערנאציאָנאליזם און קלאסענקאמף, האָט די ערשטע צעבראָכען די לוחות. וואָס זאָל נאָך דעם זאָגען דאָס קליינע און שוואכע בעלגיען, וועלכעס ווערט צעקוועטשט פון די צוויי גרויסע בערג, צווישען וועלכע עס איז ארייננעפּרעסט? און נאָך בעלגיען האָט פראנקרייך שוין קיין אנדערע ברירה ניט געהאט ווי זיך ארייננווארפען אין קריג, און רוסלאנד מוז נאָכמאנצען פראנקרייך. דעם קלאפּ וואָס די אידעע פון אינטערנאציאָנאַ־לען קלאסענקאמף האָט געקראָגען איז דאדורך זעהר א שווערער.

עס איז נאָך איצט צו פריה צו וועלען פארענטפערען אָט די וויכטיגסטע פון אלע פראגען. מיר האָבען נאָך צו ווענינ פאקטען צו קענען ריכטיג אורטיילען און פאראורטיילען. עס איז אומגלויבליך, ווי א ציריכער סאָציאלדעמאָקראט דריקט זיך אויס, אז 110 אָפּגעאָרדנעטע, 200 רעדאקטערע, מיט א נאָכפאָל־גערשאפט פון מיליאָנען, זאָלען איבערנאכט ענדערען די מיי־נונגען פון א לעבען לאנג. נאָך דער מלחמה, ווען די „קריטיק דער וואפען" וועט פארשטומען און עס וועט אויפהייבען דעם קאַפּ „די וואפע דער קריטיק", וועלען מיר בלי ספק זיך דער־

וויסען פון טאטזאכען, וואס וועלען שמעלען די גאנצע אנגע־לעגענהייט אין אן אנדער ליכט. דאס דארף אונז אבער ניט אפהאלטען זיך צו באנוצען מיט די פאקטען, וואס מיר ווייסען און אוועקשטעלען די פראגע שארף און בולט, לאזענדיג די אנט־ווארט אויף א שפעטערע צייט.

די פראגע איז: נאציע אדער קלאס אין דעם אינטערנא־ציאנאל, וועלכעס קומט פריהער?

די דייטשע סאציאליסטען, ווי עס שיינט, האבען גענט־פערט: די נאציע איז פריהער ווי די קלאסע. ווען די נאציע איז אין געפאר, דאן ווייסען מיר ניט פון קיין קלאסען; דאן זענען מיר דייטשען. פ. שיידעמאן, אין זיין בריף צום „פארווערטס“, שרייבט: „איבריגענס: אויך מיר סאצ אלדעמאקראטען האבען ניט אויפגעהערט צו זיין דייטשען, ווייל מיר האבען זיך אנגעשלאסען אן דער אינטערנאציאנאלער באוועגונג“. אויגוסט בעבעל האט מיט יארען פריהער אין א רעדע אין דעם רייכסטאג געזאגט:

איך גיב אייך מיין ווארט: אין א קריג, אין וועלכען דייטשלאנד'ס עקזיסטענץ וועט שטעהן אין קאן, וועלען מיר ביז'ן לעצטען מאן, און זאגאר די עלטסטע צווישען אונז, נעמען דעם ביקס אויפ'ן פלייצע און דעם דייטשען באדען פארטיידיגען.

ענליך האט זיך אויסגעדריקט דער אלטער ליבקנעכט. ביי די דייטשע סאציאלדעמאקראטען איז דאס אלזא געווען א פרינ־ציפ פון אלעמאל. דאס פאטערלאנד קומט פאר דעם קלאס, און מען מוז עס פארטיידיגען מיט'ן ביקס אויפ'ן פלייצע. זיי האבען נאר געשטעלט איין באדינגונג, דאס פאטערלאנד מוז זיין אין געפאר. מיט דעם זענען איינשטימיג וואנדערוועלדע, זשול גער און פלעכאנאף. ווען דאס פאטערלאנד איז אין געפאר איז אויס אינטערנאציאנאליזם, איז אויס קלאסענקאמף; דאן פאר־געסען מיר דעם אונטערשיד פון קלאסען אין דעם אייגענעם לאנד, און די געמיינשאפטליכקייט מיט אונזער קלאס אין דעם פרעמדען לאנד.

וואלט דאס נאר געווען אזוי, וואלט נאך אפשר ניט גע־ווען אזוי שלעכט. מיר וואלטען דאן געהאנדעלט ווי די רעפאר־מירטע אידען; מיר וואלטען אויסגעשטראכען עטליכע פסוקים

פון אונזער סאָציאַליסטישען סידור, און מיר וואָלטען מיטנע־דאווענט; מיר וואָלטען אויסגעשטראָכען דעם פּסוק: „ארביי־טער אלער לענדער פעראייניגט אייך!“ און מיר וואָלטען גע־בליבען סאָציאַליסטען אין דעם אייגענעם לאנד, קעמפּפענדיג נעגען די היימישע בורזשואזי. דאָס וואָלט אונז סוף כל סוף אראָפּגעפירט פון וועג; מיר וואָלטען זיך געמוזט פארפלאָנטע־רען אין פיל נייע פּראָבלעמען, ווי מיליטאריזם, למשל; די דייטשען וואָלטען נאָך געמוזט אויסשטרייכען דעם פּסוק: „קיין מארק און קיין מאן“ פאר דעם מיליטער, אָבער מיר וואָלטען זיך ווי עס איז אן עצה געגעבען און אָנגעהאַלטען דעם סאָציאַ־ליזם. דאָס ערנסטע ביי דעם אַלעם איז, וואָס די דייטשע סאָ־ציאַלדעמאָקראטי, ווי עס שיינט מיר, איז אוועק פיל ווייטער, וואָס זי האָט זיך געשטעלט אויף דעם שטאנדפּונקט פון דער דייטשער רעגירונג און דעם דייטשען יוסטען באַלעבאָס.

בעבעל האָט נעוואָלט פארטיידיגען זיין לאנד, ווען עס איז אין געפאר פון אנדערע לענדער, די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראטי פון היינט פארטיידיגט איהר לאנד שטעלענדיג אין געפאר אנ־דערע לענדער.

די דייטשע רעגירונג באהויפּטעט, אז זי האָט די מלחמה ניט געוואָלט, אז פאר 44 לאנגע יאָר איז זי געווען דאָס איינ־ציגע לאנד, וואָס האָט ניט געהאט קיין מלחמה; אז דיזע מלחמה איז אויף איהר ארויפגעצוואונגען געוואָרען דורך דער האנדלונג פון דער רוסישער רעגירונג, און זי מוז זיך שיצען, און זי מוז שיצען איהר קולטור פון די רוסישע בארבארען. דייטשלאנד, אָדער ריכטיגער פּרייסען, האָט שוין אזא נאטור: זי קעמפּפט אימער פאר קולטור. ענגלאנד, פראנקרייך און איטאַליען האָ־בען אַלע געקעמפּפט נעגען דעם פּאַפּסטום, אָבער ערשט ווען די־זער קאמף נעגען דעם פּאַפּסטום איז געקומען אין די הענט פון ביסמארק איז עס געוואָרען א „קולטור קאמף“: דאָס אויסנאַמס־געזעץ נעגען די סאָציאַליסטען אין דייטשלאנד איז אויך געווען ביסמארק'ס א „קולטור קאמף“. די דייטשע רעגירונג קעמפּפט איצט פאר קולטור און נעגען די „רוסישע בארבארען“, אָבער דיזעלבע דייטשע רעגירונג איז לאנגע יאָרען געווען דער בע־סטער פריינד און דער אונטערשטיצער פון דעם אמת'ען רוסי־

שען בארבאריזם, פון דער רוסישער רעגירונג, און האָט זעהר אָפט פאר׳משפט צו תפיסה די דייטשע סאָציאליסטען פאר באַ־לײדיגען דעם רוסישען בארבאריזם; דיזעלבע דייטשע רעגי־רונג איז דער פריינד און אונטערשטיצער פון דער טערקישער רעגירונג, וואָס איז נאָך מעהר „בארבאריש“, און זי שיקט איהרע אָפיצירען צו רעאָרגאניזירען די טערקישע ארמיי אויף דעם דייטשען שטייגער; און איהרע „סאָציאליסטען“, ווי פאר־וואוס, צו רעאָרגאניזירען די טערקישע פינאנצען. דיזעלבע דייטשע רעגירונג, וואָס קעמפט פאר קולטור און געגען די באר־בארען, איז אימער דער פריינד פון צאריזם און „סולטאניזם“, און איז דער שונא פון דעם הויך קולטורעלען פראנקרייך; דיזעלבע היינטיגע דייטשע רעגירונג, ווען זי איז נאָך געווען די פרייסישע רעגירונג, האָט זיך ניט אָפגעשטעלט צו באקעמפען דאָס עסטרייכישע דייטשטום, וועלכע זי באשיצט איצט, און האָט באקעמפט אלע קליינינקע מלוכה׳לעך, וואָס שפעטער זע־נען זיי געוואָרען א טייל פון דייטשלאנד. מיט דער פארטיידי־גונג פון דער קולטור מצד דער דייטשער רעגירונג, שטעהט עס פונקט אזוי ווי מיט דעם רוסישען „פאנסלאוויזם“. רוסלאנד פארטיידיגט די סלאווען אין בולגאריען און אין סערביען, וועל־כע זי וויל האָבען, און שטיקט און דריקט די סלאווען אין פוילען, וועלכע זי האָט שוין.

די דייטשע סאָציאלדעמאָקראטען האָבען זיך געשטעלט אויף דעמזעלבען שטאנדפונקט. זיי זענען אלעמאָל געגען מלחמה, אין דעם קאָן גאָר קיין פראגע ניט זיין. די גאנצע סאָ־ציאליסטישע לערע איז געגען מלחמה, אָבער אין דיזען פאַל מו־זען זיי פארטיידיגען זייער פאָטערלאנד און זייער דייטשע קול־טור, וועלכע זענען אין גרויס געפאַר. אָבער איז זייער לאנד און קולטור אין סכנה? דאָס איז די פראגע. די צווייטע פראגע איז: אויב זייער לאנד און קולטור איז אין סכנה, ווער האָט זיי געבראכט אין דיזער סכנה? איז עס רוסלאנד, אָדער איז עס זייער אייגענע רעגירונג?

עס ווערט פיל געשטריטען וועגען דעם פונקט: ווער האָט ארויסגערופען דיזע מלחמה? די גאנצע וועלט גלויבט, און די אָפיציעל דאָקומענטען באווייזען דאָס, אז די דייטשע רעגירונג

איז דער אמת'ער שולדיגער. עסטרייך וואָלט קיינמאָל ניט געד וואגט זיך צו פארטשעפּען מיט דעם רוסישען בער, ווען עס וואָלט ניט געווען זיכער אין דייטשלאנד'ס שטיצע. אויף דער באשולדיגונג פון דער גאנצער וועלט, אז דייטשלאנד איז שולדיג אין דער מלחמה, ענטפערט דייטשלאנד, אז זי איז געווען געד צוואונגען דערצו דורך דער מאָביליזאציע פון רוסלאנד.

מיר וועלען זיך ניט אריינלאָזען אין די דיפּלאָמאטישע דריידלעך, און מיר וועלען באטראכטען די זאך פון א געוויינד ליך מענשליכען שטאנדפּונקט. און פון דעם שטאנדפּונקט ציינט זיך דאָס בילד אויף אזא אופן:

דער קרוין פּרינץ פון עסטרייך־אונגארן איז ערמאָרדעט געוואָרען פון א סערבישען שטודענט. די עסטרייך־אונגארישע רעגירונג באהויפּטעט, אז דאָס איז געטאָן געוואָרען מיט דעם וויסען און צושטימונג פון דער סערבישער רעגירונג, זי האָט דאד דורך זיך פאָרגענומען צו באשטראָפען סערביען און מאכען אומד מעגליך, אז אזעלכעס זאָל נאָכאמאָל פּאסירען. צוליב דיזען צוועק האָט זי געשטעלט עלף זעהר שטרענגע פאָדערונגען צו דער סערבישער רעגירונג. צען פון דיזע פאָדערונגען האָט סערד ביען באלד נאָכגעגעבען. די עלפטע איז געווען אזא, וואָס די סערבישע רעגירונג האָט גע'טענה'ט, איז איהר אוממעגליך צוד צוגעבען, אויב זי זאָל בלייבען אן אומאָפּהענגיגע מלוכה. אָבער וויסענדיג איהר מאכטלאָזיגקייט, האָט סערביען פארלאנגט מען זאָל דיזען פּונקט איבערגעבען צו א שידסגעריכט, זיך פארלאָד זען אויף מענשען. ענגלאנד, פראנקרייך און רוסלאנד, האָבען זיך אריינגעלעגט און געוואָלט דעם סכסוך אויסגלייכען, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. עסטרייך איז באשטאנען אויף דאָס איהריגע, דערצו האָט זי נאָך באשטימט אזא קורצע צייט אויף אן ענטפער, אז עס איז געווען אוממעגליך זיך אויסצוגלייכען. דאן איז געקומען רוסלאנד און האָט געזאָגט: האלט! מיר וועד לען ניט דערלאָזען עסטרייך־אונגארן זאָל צעקוועטשען דאָס קליינע און שוואכע סערביען. אָט דאָס איז אזוי ווייט די מעשה. וואָלט דאָס טאקע געווען אזוי, וואָלטען אונטער דיזע פארהאנדלונגען זיך ניט פארשטעקט אנדערע כחות, וואָלט דאן עסטרייך־אונגארן בארארפט מלחמה האלטען מיט רוסלאנד. וואָס

האָט דאָס צו טאָן מיט דייטשלאַנד? און וואו איז דאָ די סכנה פאַר'ן דייטשען פּאָטערלאַנד און קולטור? איז אָבער דאָ אַ סוף צו דער געשיכטע: דייטשלאַנד האָט אַן אָפּמאַך מיט עסטרייך־אונגאַרן. וואָס איז אַן אָפּמאַך? אַ „שטיקעל פּאַפּיר“, זאָגט דייטשלאַנד, וועלכעס מען האַלט ווען עס לוינט זיך, און מען צערייסט ווען עס לוינט זיך ניט. אָבער הפּנים, אַז דער אָפּ־מאַך צווישען עסטרייך־אונגאַרן און דייטשלאַנד איז מער ווי אַ שטיקעל פּאַפּיר, און דייטשלאַנד ערקלערט מלחמה רוסלאַנד. נו, דאַרף דייטשלאַנד העלפען עסטרייך און צוזאַמען מיט עסט־רייך געהן אויף רוסלאַנד. אָנשטאָט דעם לאָזט זי עסטרייך צו איהר אייגענעם שיקזאַל אין די לאַפּעס פון דעם בער, און אליין באַפאַלט זי גאָר פראַנקרייך, און פאָדערט נאָך פון בעלגיען, זי זאָל ברעכען דעם אָפּמאַך, און איהר דורכלאָזען דורך איהר לאַנד, צו פאַרניכטען פראַנקרייך, און ווען ענגלאַנד קומט דאַן און זאָגט: ניין! בעלגיען מוז בלייבען נייטראַל, אַז ניט זענען מיר דאָ, ווערט דער געשריי: וואָס איז אַן אָפּמאַך? צוליב אַן אָפּמאַך זאָל מען געהן אין דער מלחמה! און דייטשלאַנד באַ־פאַלט בעלגיען און פאַרניכטעט און פאַרוויסט דאָס שענע, פּרוכטבאַרע, גאַנץ אומשולדיגעס, אָבער שוואַכעס לאַנד. די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטען העלפען צו דעם. זיי געהען באַ־שיצען זיך פון דעם רוסישען באַרבאַריזם, און פאַרניכטען דאָס קולטורעלע און קונסטרייכע בעלגיען. דער סאָציאַליסטישער רייכסטאַגס אָפּגעאָרדנעטער דר. פראַנק איז געפאַלען אין דער מלחמה ניט קעמפענדיג געגען דעם „באַרבאַרישען“ רוסלאַנד, נאָר אין קאַמף מיט די קולטור רייכע פראַנצויזען, אויף פראַנצויזי־שען באָדען.

אָט דאָס איז דער ריין מענשליכער שטאַנדפּונקט, ווען מען וויל נעמען די לעגענדען פאַר אמת'ער געשיכטע. דער אמת איז אָבער, אַז דאָס איז נאָר לעגענדען, אָפיציעלע געשיכטען ווי זיי ווערען דערצעהלט פון די וואָס שטעהען אין דעם אידעען קאַמף. די אמת'ע אורזאַכען זענען ניט די קולטור פון איין פאָלק, און דער באַרבאַריזם פון אַ צווייטען, דער אָפּמאַך פון איין זייט און פון דער אַנדערער זייט. דאָ שטעהט ניט קולטור געגען קולטור, און אָפּמאַך געגען אָפּמאַך, דאָ שטעהען ווירקליכע עקאָנאָמישע

כוחות, כוחות וואָס זענען שטאַרקער פון דער קולטור, און צוליב דיזע כוחות, באַקעמפט דייטשלאַנד דעם רוסישען „באַרבאַריזם“ און אונטערשטיצט דעם טערקישען; צוליב דיזעלבע כחות באַשיצט ענגלאַנד דעם רוסישען באַרבאַריזם און באַקעמפט די דייטשע קולטור. עס איז ניט קיינע אידעען און אידעאַלען. די דייטשע סאָציאַליסטען ווייסען דאָס בעסער פון אַלע אַנ־דערע. אין דיזען קאַמף האָבען זיי באַוואוסטזיניג אוועקגע־וואָרפען דעם אידעאַל פון אינטערנאַציאָנאַליזם און קלאַסענ־קאַמף, און זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון דעם לאַנד.

מאַנכע באַהויפּטען: די סאָציאַליסטען זענען געוואָרען גענאַרט פון דער רעגירונג; די רעגירונג האָט דורך איהרע צענ־זאָרס אַזוי פאַרדרייט די נייעס, אַז די סאָציאַליסטען האָבען ווירקליך געגלויבט אין איבערפאַל פון רוסלאַנד.

אין דעם קאָן זיין מאַנכעס אמת, אָבער עס קאָן ניט זיין דער גאַנצער אמת.

דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטען זענען ניט קיין קינדער, און מען קאָן זיי אויף אַזא אופן אין חדר ניט פירען. דערצו האָבען זיי ערפאַרונג פון דער געשיכטע פון דעם יאָר 1870. אין יענעם יאָר איז אין מאַנכע הינזיכטען זעהר לעררייך פאַר די סאָציאַליסטען.

ווי באַוואוסט איז אין יאָר 1870 געווען די מלחמה צווי־שען דייטשלאַנד און פראַנקרייך, ווען דייטשלאַנד איז ארויס דער זיגער און אָפּגענומען ביי פראַנקרייך עלזאַס לאָטרינגען און א ביליאָן דאָלאַר אין געלט. דאַן איז די גאַנצע וועלט געווען איבערצייגט, אַז דייטשלאַנד איז באַפאַלען געוואָרען פון פראַנק־רייך. עס איז געווען אַן אָפענע זאַך: נאַפּאָלעאָן דער דריטער, דעמאָלט קייזער פון פראַנקרייך, האָט ערקלערט מלחמה דייטש־לאַנד. דייטשלאַנד, נאַטירליך, האָט זיך געמוזט פאַרטיידיגען. די מערהייט פון די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטען אין רייכס־טאָג — דאַן זענען זיי נאָר געווען פינף — האָבען געשטימט פאַר דער מלחמה הלואה. דער פאַרטיי פאָרשטאַנד און די מיי־סטע סאָציאַליסטען זענען געווען פאַר דער מלחמה. בעבעל און ליבקנעכט זענען געוון די אויסנאַמען. זיי האָבען זיך אַנטהאַל־

טען פון שטימען, און האָבען ערקלערט, זיי קאָנען ניט שטימען געגען פראנקרייך, און ניט פאר דייטשלאנד, זיי האָבען דעריבער גאָרינט געשטימט. קארל מארקס האָט זיי אין דעם אונטער־שטיצט. אָבער דיזע פרינציפיעלע האלטונג האָט זיי געקאָסט פיל געזונט. די פארטיי לייטונג האָט זיי פארביטערט דאָס לעבען. עס איז געקומען אזוי וויט, אז ליבקנעכט האָט געוואָלט אויסוואנדערען קיין אמעריקא, און בעבעל האָט זיך אנטזאגט מיטצוארבייטען אין דעם דעמאָלדיגען „פאָלקס־שטאט“. אווי־גוסט גייב האָט געזוכט צו מאכען שלום צווישען דער פארטיי־לייטונג און בעבעל און ליבקנעכט, אָבער דאָס האָט ניט געהאָל־פען. ערשט די וויטערע פאסירונג, שרייבט בעבעל, האָט גע־האָלפען צו רעכטפערטיגען זייער האנדלונג.

בעבעל שרייבט : „אין דייטשלאנד האָט מען אלגעמיין געגלויבט, אז באלד נאָך דעם ווי נאפאָלעאָן וועט ערקלערען מלחמה, וועט די פראנצויזישע ארמיי באפאלען דייטשלאנד. מען האָט געווארט אומזיסט. אין פראנקרייך האָט די קריג ער־קלערונג ארויסגערופען א פולשטענדיגען מיש־מאש, קיין איינ־ציגער ארמיי קאָרפוס איז ניט געווען אויף דעם קריגס פוס. גאנץ פראנקרייך, פון אויבען ביז ארונטער, האָט פארלוירען דעם קאָפ. שוין אין אנפאנגס אויגוסט זענען געשטאנען 380,000 דייטשע סאָלדאַטען געגען 250,000 פראנצויזישע“.

פראנקרייך, וואָס האָט ערקלערט דעם קריג, איז אין קיין פרט ניט געווען פאָרבארייטעט צום קריג, ווערענד דייטשלאנד, וועלכעס איז כלומר׳שט געווען דאָס אָנגעגריפענע, איז געווען פולשטענדיג פאָרבארייטעט צו מלחמה, שרייבט בעבעל. און דייטשלאנד האָט האָט גוט געוואוסט. אין אן ערקלערונג, וואָס מאָלטקע האָט אָפּגעגעבען אין דעם נאָמען פון פעלד מארשאל ראאן, און פון זיין אייגענעם נאָמען, האָט ער לויט בעבעל׳ס ערצעהלונג געזאָגט :

מכח די ארמיי צוזאמענשטעלונג, אויסריכטונג, הולפמי־טעל א. א. וו. איז פרייסען נאָך קיינמאָל ניט געווען אין אזא גוטער לאגע אונטערצונעמען א מלחמה, און מיט אזעלכע גוטע אויסזיכטען אויף ערפאָלג. ער איז גאָנץ גענוי אינפאָרמירט וועגען די אויסריכטונג פון פראנקרייך, און לויט דעם איז

ניטאָ וואָס מורא צו האָבען פראנקרייך זאָל איבערפאלען דייטש־לאַנד.

און אזוי איז עס טאקע געווען. פונקט ווי היינט.

דייטשלאנד ערקלערט קריג צו רוסלאנד, ווייל רוסלאנד מאכט מאָביליזאציע, ארויסגעוויזען האָט זיך, אז דייטשלאנד איז געווען פארטיג צו מארשירען אין 24 שעה, ווערענד רוס־לאנד איז ניט געווען פארטיג אין אזוי פיל טעג.

ווי איז עס געקומען, וואָס פראנקרייך, אין איהר צושטאנד פון ניט צוגעפערטיגטקייט האָט ערקלערט מלחמה געגען פריי־סען ? די אנטוואָרט אויף דער פראגע איז געקומען שפעטער, נאָך דער מלחמה. עס האָט זיך שפעטער ארויסגעוויזען, אז פראנקרייך האָט ניט גע׳חלום׳ט פון קיין מלחמה. איין מאָנאט בעפאָר נאפּאָלעאָן האָט ערקלערט מלחמה איז אין פראנקרייך דורכגעגאנגען א געזעץ צו פארקלענערען די יערליכע אָפּגאבע פאר רעקרוטען אויף 10,000. די גאנצע פראנצויזיש־דייטשע מלחמה איז ארויסגעקומען דורך דעם, וואָס ביסמארק, וועלכער האָט געוואָלט די מלחמה, האָט געפעלשט א דעפעשע, און נאָך דיזער פעלשונג איז די פראנצויזישע רעגירונג אזוי באליידיגט געוואָרען, אז זי איז געווען געצוואונגען צו ערקלערען מלחמה. די פעלשונג איז באקאנט אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען די עמזער דעפעשע.

אין יענער צייט האָבען די דייטשע סאָציאלדעמאָקראטען, אויסער בעבעל און ליבקנעכט, געקעמפט פאר זייער פאָטער־לאנד, ווייל זיי האָבען געגלויבט, אז פראנקרייך איז, אָדער ווערט, באפאלען דאָס פאָטערלאנד. עס האָט זיך נאכהער ארויסגע־וויזען, אז די סכנה אין וועלכען דאָס פאָטערלאנד איז געשטא־נען איז ניט געווען די סכנה פון פראנקרייך, נאָר פון איהר איי־גענער רעגירונג מיט ביסמארק אָן דער שפּיץ. היינט האָט קיין לאנד דייטשלאנד קיין קריג ניט ערקלערט, עס איז פונקט פאר־קערט : דייטשלאנד איז דער אָנגרייפער, אויף וויפיל מער איז צו גלויבען, אז די סכנה איז ניט פאר דייטשלאנד, נאָר פון דייטשלאנד ? און ווען די סאָציאלדעמאָקראטי האָט זיך פונ־דעסטוועגען אריינגעוואָרפען אין קאמף מיט אזא ענטוזיאזם, איז דאָס ניט דער בעסטער באַווייז, אז זיי האָבען אוועקגעוואָר־

פען די אידעע פון אינטערנאציאָנאליזם, פון סאָלידאריטעט פון דעם ארבייטער קלאס פון אלע לענדער? ווי געזאָגט: נאָך דער מלחמה וועלען מן הסתם ארויסקומען נאָך אנדערע פאקטען, ווי עס איז ארויסגעקומען נאָך דער מלחמה פון 1870. דער אינ־טערנאציאָנאליזם און די קלאסענקאמף אידעע וועט אודאי מו־זען רעווידירט ווערן, און צוגעפאסט ווערען צו דעם נייעם נא־ציאָנאלען געדאנק. דאָס וועט זיין א פראָבלעמע פאר דער גאנצער סאָציאליסטישער וועלט, און מיט דער צייט וועט זי אודאי ווערען געלעזט. און אויב די פראָבלעמע זאָל ווערען גע־לעזט אויף אזא אופן, אז קלאסענקאמף מיינט נאָר אינערהאלב דער נאציאָן, דאן וועט זיך פאר אונז, די אידישע סאָציאליסטען, שטעלען א נייע אויפגאבע: צו וועלכער נאציאָן באלאנגען מיר, און וואָס האָבען מיר צו טאָן אלס אידישע סאָציאליסטען?

# וואָס טוט מען מיט די אידען? *)

די מלחמה!

ווער רעדט ניט פון איר? ווער חקרה'ט זיך ניט, ווער שרייבט ניט וועגען דער מלחמה? מיר דאָ אין אמעריקא זענען מחויב צו זיין נייטראל, אָבער צי איז דאָ איין מענש, וואָס האָט ניט זיינע סימפּאַטיעס און אנטיפּאַטיעס מיט דעם אָדער יענעם צד? און ווי קאָן דאָס אנדערש זיין? ווי איז עס מענגליך צו זיין גלייכגילטיג אין א צייט, ווען א האלבע וועלט איז, ווי עס שיינט, אראָפּ פון זינען; ווען מיליאָנען מענשען שטעהען איינס נעגען ס'אַנדערע, אויסנעריכט מיט די נייעסטע און מאָדערנסטע מאָרד־מאַשינען און קוילענען זיך נעגענזייטיג, און מאָרדען יעדען וואָס קומט זיי אין וועג, און פּאַרוויסטען שטעט און צעשטערען די פרוכט פון א טויזענט־יעריגער ציוויליזאציע, און שאָנעווען ניט קיין הייליגטימער, און האָבען ניט קיין חס אויף קונסטווערק, און טרעטען מיט די פיס אַלע אידעאַלען פון דער מענשהייט, און מאַכען צו נישט און פאַרלייקענען אַלע פּרינציפּען, אַלע רעגעלען, אַלע מאָראל פון דער ציוויליזירטער וועלט; ווי קאָן מען זיין גלייכגילטיג אין אַזאַ צייט? ס'נעמט שווינדלען אין קאָפּ ווען מ'הויבט אָן טראַכטען פון דעם דאָזינען אומגעהייערען אומגליק; עס ווערט אומעטיג, ווען מען זוכט צו ערקלערען די אורזאַכען און צו געפינען דעם סוף פון דעם אַלעם. און ניט ווילענדיג מוז מען זיך פרעגען: וואָסער וועלט וועט דאָס זיין נאָך דער מלחמה? וועלען די טייוועלשע כחות, וואָס מאַכען אָן אַזוי פיעל חורבות זיין בכח אויפצובויען דאָס, וואָס זיי האָבען חרוב געמאַכט? עס שיינט צו זיין אוממעגליך. מען קאָן בויען נייע קירכען, מען קאָן פאַרלאַטען די אַלטע, מען קאָן מאַכען נייע שאָסייען, מען קאָן אויפסנייע באַ־

---

*) „די אידישע וועלט“, דעצעמבער, 1914.

אקערען די פעלדער, מען קאָן גיסען נייע קאַנאָנען, בויען נייע שיפען, אָבער מען קאָן ניט צוריקגעבען די עלטערען זייערע זיהן און די יונגע יתומים זייערע געפאַלענע פאָטערס.

ווער קאָן צוריקברענגען צום לעבען די קונסטווערק פון די אלטע מייסטערס ? ווער קאָן צוריק ארייגבלאָזען די נשמות אין די „גופים“ פון די קאַנוועס, וואָס זענען פארניכטעט געוואָרען פון אכזריות'דיגע הענט ? ווער קאָן צוריקגעבען דער מענשהייט די אידעאַלען, וואָס זענען מיט געוואַלד געטויט געוואָרען אין דיזער מלחמה ? ווער קען איצט פרעדיגען דעם הייליגען געדאנק פון : ולא ישא גוי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד מלחמה ? אָט דיזער אידעאַל, וועלכער האָט געגעבען דער מענשהייט אזוי פיעל האָפנונג, און וועלכער איז אזוי הייס געפרעדיגט געוואָרען פון די סאָציאַליסטען ? וועלען די סאָציאַליסטען, די וועלכע האָבען אָקאָרשט געטראָטען דעם אידעאַל מיט די פיס, וועלען זיי וואגען צו קומען צו דעם ארבייטענדען פאָלק און זיי רופען צום קאמף פאר גערעכטיגקייט און געגען טיראַניי און ברודער־מאָרד ? וועלען זיי דאָס וואגען צו טאָן ? און אז ניט זיי, ווער וועט מחיה מתים זיין אָט די אידעאַלען ? און ווער וועט זיי הערען, ווער וועט זיי איצט גלויבען, ווען זיי וועלען דאָס אפילו טאָן ?

דאָס איז גערעדט אין אלגעמיינעם ; דאָס איז דאָס אומגליק פון דער גאנצער מענשהייט, און רירט אָן יעדען איינעם. דיזע מלחמה האָט אָבער נאָך ארויסגערופען ספּעציעלע צרות, צרות וואָס בארירען נאָר אונז, די אידען.

עס איז קיין ספק, אז דאָס בעלגישע פאָלק האָט זעהר פיעל געליטען פון דער מלחמה, עס איז אָבער ניט איבערטריבען צו באהויפּטען, אז די מערהייט פון אידישען פאָלק האָט מער געליטען.

ווי באוואוסט ווערט די מלחמה געפירט אויף צוויי פראָנטען. אין מערב איז זי צום שטארקסטען אין בעלגיען, און אין מזרח, אין די „אידישע“ שטעט פון פוילען, ליטא און גאַליציען. די אידישע שטעט, אמת, האָבען נאָך ניט קיין לואווייןן, אָבער די פרנסות זענען פונקט אזוי צעשטערט געוואָרען ווי אין די בעלגישע שטעט. אין דעם איינעם פּרט פון לואוויין, קאָן זיין, האָ־

בען די בעלגיער מער געליטען איידער די אידען. אָבער נאָר אין דעם איינעם פּרט. אין אלע ווייטערדיגע פּונקטען ליידען די אי־דען מער. סאָלדאַטען צו דער מלחמה האָבען די אידען צוגע־שטעלט אודאי דריי מאָל אזוי פיעל ווי די בעלגיער. אין דער רו־סישער ארמיי אליין פארגיסען איבער 300 טויזענט אידען זיי־ער בלוט. און די אידען האָבען נאָך די „אויסצייכנונג“, וואָס זיי פארגיסען זייער בלוט אין אלע ארמייען. זיי קעמפּען פאר רוסלאנד און געגען רוסלאנד, פאר פראנקרייך און געגען פראנק־רייך, פאר דייטשלאנד און געגען דייטשלאנד. די בעלגיער האָ־בען פון איין זייט געליטען מער איידער די אידען, אָבער די אי־דישע טראַגעדיע איז א גרעסערע. די גאנצע וועלט באוואונ־דערט, און מיט רעכט, דאָס בעלגישע פאָלק; די גאנצע וועלט האָט רחמנות אויף די בעלגיער און זוכט זיי צו שטיצען. ענג־לאנד האָט מנדב געוועזען פערצען מיליאָן דאָלאר צו בעלגיען, זי האָט אריבערגענומען צו זיך הונדערטער טויזענטער בעלגיער און שפּייזט זיי און שטיצט זיי; אמעריקא שיקט שפּייז און קליידער פאר בעלגיען; ענגלאנד, פראנקרייך און רוסלאנד האָ־בען פייערליך פארשפּראָכען אויפצופּאסען, אז בעלגיען זאָל צו־ריקקריגען מער ווי עס האָט פארלאָרען. ווער אונטערשטיצט די פּראָאומגליקטע אידען? ווער שפּייזט זיי? ווער לויבט זיי? די אידען וואָס געהען אין מלחמה און פארגיסען זייער בלוט אויף דעם מזבח פון זייערע שטיף־פאָטערלענדער ברענגען ניט קיין כבוד פאר זיך, אָדער פאר די זייערינגע, וואָס זענען געבליבען אין דער היים, ווי עס איז דער פאל מיט די בעלגיער. דאָס וואָלטען זיי שוין מוחל געווען, שווער ווי עס איז אזא זאך מוחל צו זיין. ערגער איז, וואָס די איבערגעבליבענע האָבען אויסצו־שטעהן ספּעציעלע צרות, וואָס יעדען טאָג פּאַכט מען מיט דער נשמה ניט נאָר אויס מורא פאר דעם שונא, נאָר אויך אויס מורא פאר די איינענע, פאר די, אין וועמעס אינטערעסען, און צוזאַ־מען מיט וועמען די זיהן, ברידער, מענער און פעטער קעמ־פען אויף דעם שלאַכטפעלד. און לויפען איז אויך ניטאָ וואו־הין. די בעלגיער זענען געלאָפען קיין האָלאנד, קיין ענגלאנד, קיין פראנקרייך, איבעראל האָט מען זיי באגעגענט מיט אויס־געשטרעקטע אָרעמס. די אידען קענען אפילו קיין רוסלאנד

ניט לויפען. דער תחום, די „טשערטא“, די ט ש אָ ר ט א, וואָלט מען געמעגט זאָגען, ווען די גראמאטיק זאָל דאָס ערלויבען, איז נאָך ניט אָפּגעשאַפט אין רוסלאנד. דאָרט וואו די אידען זיצען, דאָרט מוזען זיי בלייבען און פארניכטעט ווערען פון דעם אויסערליבען שונא, אָדער פון דעם אינערליכען. — מחוץ תשכל חרב ובבית כמות.

ניט פיעל בעסער האַלט עס מיט די אידען אין גאַליציען.

ניט פיעל בעסער, אפשר נאָך ערגער, שטעהט עס, ווען מען לאָזט זיך אביסעל ארונטער, ווען מען קוקט אוועק פון דעם כלל און מען באטראכט דעם יחיד, דעם אייגצעלנעם אידישען סאָלדאט, וואָס געהט מיט׳ן ביקס און אנטקעגען דעם ביקס. יעדער סאָלדאט, אויסער דער אידישער, האָט א באוואוסטזיין, וואָס באגלייט איהם אין זיין וועג און מאכט איהם לייכטער זיין גורל. צי זיין פאָלק איז גערעכט צי ניט, דער איינצעלנער סאָלדאט קעמפט פאר זיין לאנד, פאר זיין פאָלק און פאר זיין קולטור. האָט דער אידישער סאָלדאט, קען ער האָבען, אָט דיזעס באוואוסטזיין, וואָס זאָל איהם העלפען טראָגען זיין שווערען לאסט? זעהר אָפט איז עס פונקט פארקערט; זעהר אָפט פיהלט ער, אז ער קעמפט צוזאמען מיט זיין שונא נעגען זיין פריינד, געגען זיין ברודער, געגען די קינדער פון זיין אייגען פאָלק. ווי אָפט טרעפט, אז א פוילישער איד שטעכט אריין זיין באיאָנעט אין דעם לייב פון א גאַליציאַנער איד און פארקערט? אָט די טראַגעדיע איז אפשר די ערגסטע פון אלע. און די אידישע העלדענטאַטען פון וועלכע מיר הערען אזוי פיעל טראָץ אלעם דעם, מאכען די טראַגעדיע נאָך גרעסער, ווייל דאָס אליין פארשטאַרקט די אורזאכען פאר רדיפות. וואָרים אידען טאָרען דאָך אפילו קיין העלדען ניט זיין. אין אלע זאכען האַלט מען זיי צעטיילט, פאר רדיפות זענען זיי אָבער איין פאָלק. די אידען פון רוסלאנד וועלען מוזען ליידען פאר די העלדענטאַטען פון די גאַליציאַנער אידען, און די גאַליציאַנער אידען וועלען מוזען ענטפערען פאר די העלדענטאַטען פון די רוסישע אידען.

אין אָט דעם לעצטען פרט איז דער פּאָלאַק אין דערזעלבער לאגע ווי דער איד, אָבער דער פּאָלאַק האָט לכל הפּחות דעם טרייסט, וואָס מיט איהם רעכענט מען זיך, וואָס מען גיט איהם

הבטחות, וואָס ער האָט גייע האָפנונגען. צי די האָפנונגען וועלען פארווירקליכט ווערען צי ניט, איז אין דעם מאָמענט ניט וויכטיג, דער איינצעלנער סאָלדאַט אויף דעם שלאַכטפעלד האָט אַן אידעאַל, אַ האָפנונג פאַר זיינע אויגען. ניט איינס פון די טרייסטען האָט דער איד, ער האָט אויף נאָר ניט צו וואַרטען, אויף נאָר ניט צו האָפען. און דאָס אַלעס מאַכט די אידישע לאַגע אַזוי פיעל שווערער, אַז מען מעג מיט רעכט זאָגען: דאָס אומגליק פון דער מלחמה האָט צום שטאַרקסטען געטראָפען די אידען.

פונקט אַזוי פינסטער איז, ווען מען באַטראַכט דעם מעגליכען אויסגאַנג פון דיזער מלחמה. ווי עס זאָל זיך ניט אויסלאָזען, דער איד וועט ליידען.

דאָס וואָרט „נאַציאָנאַליזם“, „נאַציאָנאַלע גרענעצען“ הערט זיך היינט זעהר אָפט. ענגלאַנד האָט אויף פאַרשידענע אופנים, און דורך פאַרשידענע פון איהרע שטאַאַטסמענער געזאָגט וויסען דער וועלט, אַז שלום וועט געמאַכט ווערען נאָר אויף נאַציאָנאַלע יסודות, באַשטימט דורך די געאָגראַפישע גרענעצען. מיר דאַרפען איצט ניט אריינגעהן אין דער פראַגע צי זי מיינט דאָס ערנסט צי ניט. אַלע ווייסען גאַנץ גוט, אַז דאָס אימפעריאַליסטישע ענגלאַנד איז ניט אַזוי שטאַרק נאַציאָנאַליסטיש בנוגע צו עגיפטען אָדער אינדיען. עס איז אויך זיכער, אַז זי וועט ניט ראַטען פראַנקרייך איבערצולאָזען מאַראָקאָ, אָדער מאָראָקאָ, צו איהר איינענעם שיקזאַל; זי דענקט אפילו ניט צו באַפרייען פוילען. אַלץ וואָס זי קאָן דענקען איז, אָפצושוואַכען איהרע היינטיגע געגנער זיי זאָלען קיין תחית המתים ניט אויפשטעהן. און עס איז נאָך אַ גרויסע פראַגע צי זי וויל דאָס אפילו האָבען. ענגלאַנד ווייס גאַנץ גוט, אַז אָפשוואַכען עסטרייך און דייטשלאַנד, מיינט קודם כל פאַרשטאַרקען רוסלאַנד, און זי וועט זיך שטאַרק מישב זיין איידער זי וועט צו דעם דערלאָזען. נאָר לאָמיר אָננעמען, אַז ענגלאַנד מיינט דאָס טאַקע ערנסט, און אַז עס וועט זיך איינגעבען דאָס דורכצופירען. וואָס פאַר אַ טובה וואָלט פון דעם ארויסגעקומען די אידען? קיין ברעקעל טובה. עס איז גיכער אַ סברה, אַז עס וואָלט ארויסגעקומען אַ גרויסע רעה.

לאָמיר זיך פאָרשטעלען ווי דאָס וועט צוגעהן. אָט האָט די מלחמה אויפגעהערט, די פאראייניגטע מעכטע האָבען גע־זיגט, און ענגלאנד וויל האלטען איהר וואָרט. דאָס ערשטע וואָס וועט דעמאָלט געשעהן וועט זיין פאָלגענדעס: גאנץ גאַ־ליציען וועט ווערען אוועקגענומען פון עסטרייך־אונגארן; פריי־סיש פוילען וועט אָפגענומען ווערען פון דייטשלאנד, און פוילען וועט ווערען פאראייניגט אונטער דער הערשאפט פון רוסלאנד. אָפגעהיט זאָלען מיר ווערען פון אזא חסד! מיר אידען ווייסען וואָס דאָס מיינט. דאָס מיינט ניט נאָר נייע רדיפות פאר די גאַליציאַנער אידען דורך דער האנט פון רוסלאנד, רדיפות פון וועלכע זיי זענען ביז איצט געוועזן פארהיט, עס מיינט נאָך נייע און פארעכטליכע אונטערדריקונג פון אלע אידען דורך דער האנט פון דעם פארעכטליכען פאָלאק, און די דאָזיגע רדיפות וואָלטען געוועזן נאָך פיל ערגער ווי די רוסישע. דער „עבד שנעשה מלך“, איז דער ערגסטער און פארעכטליכסטער טיראן.*) נאָך ערגער, שיינט מיר, וואָלט געוועזן ווען עס זאָל זיין פארקערט, ווען דייטשלאנד זאָל זיין דער זיגער און אָפנע־מען פוילען און ליטא פון רוסלאנד. דייטשלאנד איז א הויך ציוויליזירט פאָלק, אין דעם איז קיין פראגע ניט. עס איז אָבער אויך ניט קיין פראגע, אז דער אנטיסעמיטיזם אין דייטש־לאנד איז ניט נאָר א „פילאָזאָפישע“ סיסטעם, נאָר אז עס איז איינגעקארעניעט אין דעם דייטשען בלוט. און אָפגעהיטען זאָל מען ווערען, ווען דייטשלאנד זאָל מיט אמאָל צוקריגען 3—4 מיליאָן פוילישע און ליטווישע אידען, און דיזע אידען זאָלען אָנ־הויבען באַלעבאַטעווען אין די דייטשע שטעט, ווי בערלין, לייפ־ציג, דרעזדען אָדער מינכען. דער דייטשער אנטיסעמיטיזם

*) מיט דער איבערקערעניש אין רוסלאַנד, אַ זאַך וואָס קיין מענש האָט ניט געקאָנט פאָראויסזעהן אין 1914, האָט די לאַגע זיך פיעל געענדערט. בנוגע צו דעם אידישען מצב אָבער, איז די „נביאות“ לײדער צו שטאַרק מקוים געוואָרען. די גאַליציאַנער אידען זענען ניט געפאלען אונטער דער הערשאַפט פון רוסלאַנד, זיי זענען אָבער געפאַלען אונטער דער הערשאַפט פון פוילען, און די בעסעראַביער אידען — אונטער רומעניען, וואָס איז נאָך פיעל ערגער.

וואָלט געוואָרען פיעל געפערליכער פון די רוסישע פאָגראָמען. מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז אין הלכות פאָגראָמען איז דער דייטש גאָר ניט אזא „גרינער“, ער האָט זיי געמאכט פיעל פריי־הער פון דעם רוס, ניט מער ער איז היינט געוואָרען אביסעל ציוויליזירטער, און דערצו האָט ער ניט פיעל אידען ביי זיך, מאכט ער דערוויייל וויסענשאפטליכע פאָגראָמען, וועלכע זענען אין פיעל פרטים ערגער איידער די רוסישע פאָגראָמען. דער רוס ווייס ניט קיין חכמות, ער איז אין הארץ ניט קיין אנטיסעמיט, נאָר אז עס קומט א טשינאָווניק און הייסט שלאָגען אידען, שלאָגט ער. עס איז איינענטליך שולדיג דער טשינאָווניק, און מיט דעם טשינאָווניק קאָן מען אמאָל גיכער פארטיג ווערען. ניט אזוי דער דייטש. ביי איהם געהט אלץ מיט א טעאָריע, מיט וויסענשאפט, און אנטיסעמיטיזם איז אויך א „וויסענ־שאפט“, און לויט דיזער „וויסענשאפט“ איז ער איבערציינגט, אז דער סעמיט האָט קיין רעכט צו לעבען, אז וואָס שנעלער ער וועט פארשווינדען פון דער אויבערפלעכע, אלץ בעסער פאר אים אליין, און אלץ בעסער פאר די גרויסע, אויסערוויילטע גערמאנישער ראסע. זאָל צו דיזער „וויסענשאפט“ צוקומען די הארטע פאקטען פון אידישער קאָנקורענץ און אידישער איינענ־טימליכקייט, און דער דייטשער „וויסענשאפטליכער“ אנטי־סעמיטיזם וועט זיין פיעל געפערליכער איידער די גראָבע רוסי־שע פאָגראָמען.

ווי די מלחמה זאָל זיך אלזאָ ניט אויסלאָזען, דער איד האָט ניט אויף וואָס צו האָפען; פאר דער מלחמה איז אים געווען ערגער פון אלעמען, אין צייט פון מלחמה איז ער פארהעלטניס־מעסיג זיך מקריב מער, און ליידט מער פון אלעמען, און נאָך דער מלחמה האָט ער צו האָפען װעניגער פון אלעמען.

וואָס טוט מען מיט די אידען?

איז דאָס א נייעס? הער איך פרעגען. ניין, קיין נייעס איז עס ניט, אָבער נאָך קיינמאָל איז די אידישע טראַגעדיע ניט ארויסגעקומען אזוי בולט ווי היינט. איין טרייסט, איין האָפנונג האָבען מאנכע פון אונז געהאט, דאָס איז געווען די טרייסט פון אינטערנאציאָנאלען סאָציאליזם, איז אָבער אויך

דיזער טרייסט צערונען געוואָרען. די מלחמה האָט פון איהר נעמאכט אַן אילוזיע.

די לערע פון אינטערנאציאָנאַליזם איז געווען ווי צוגע־פּאַסט צום אידען. דער איד, וואָס איז צעשפּרייט אין אַלע לענדער, וואָס ליידט אין אַלע לענדער, און וואָס מוז זיך דורכ־שלאָגען א וועג און זיך צופּאַסען צו די פאַרשידענע אומגעבונגען אין די פאַרשידענע לענדער, — פאַר אים איז די לערע פון אינ־טערנאציאָנאַליזם געווען ווי א נייע תורה אָן וועלכער ער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט. איך ווייס ניט, צי האָט ער געגוי פאַרשטאַנען דעם טייטש דערפון, צי ער האָט געוואוסט דעם חילוק, וואָס די מפרשים מאכען צווישען קאָסמאָפּאָליטיזם און אינטערנאציאָנאַליזם; פאַר אים איז געווען גענוג די האָפ־נונג, אז עס וועט קומען א צייט און אַלע פעלקער וועלען לעבען ווי ברידער. און וואָס וויל ער רעדן מער, דער אָרימער איד? ער וויל נאָר מען זאָל אים לאָזען לעבען. איצט איז אָבער אויך דיזע אילוזיע פון אים צוגענומען געוואָרען: ניטאָ מער קיין אינטערנאציאָנאַליזם! אזוי האָבען די סאָציאַליסטען פון אייראָפּאַ באשלאָסען, און די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטיע האָט די ערשטע, ווי איך האָב זיך שוין איינמאָל אויסגעדריקט, צע־בראָכען די לוחות. וואָס זאָלען די אידען, וואָס האָבען אזוי שטאַרק געגלויבט אין דעם אינטערנאציאָנאַליזם און אזוי היים געהאָפּט אויף דעם טאָג, ווען ער וועט מקוים ווערען, וואָס זאָ־לען די אידען איצט טאָן? אויף וואָס האָבען זיי איצט צו האָפען? וואָס זאָלען זיי איצט ערוואַרטען?

מאנכע פון מיינע גענאָסען, און ספּעציעל די וואָס האָבען מורא פאַר א נייעם געדאַנק, ער מעג זיי אפילו אויסשטעכען די אויגען, וועלען דאָס אודאי באטראַכטען פאַר אפיקורסות, אָבער דיזע פראַגע איז ניט די פראַגע פון דעם רשע, וואָס פרעגט: מה העבודה הזאת לכם? עס איז די פראַגע פון דעם תם, וואָס פרעגט: מה זאת? וואָס האָט דאָס צו באַטייטען? מען האָט אונז אַלעמאָל געלערענט, אז דאָס סאָציאַלע פּראָבלעם איז דאָס וויכטיגסטע פון אַלע פּראָבלעמען; אז דער סאָציאַליזם וועט פאַרענטפערען אַלע פראַגען, און מען מוז דעריבער איבערלאָזען אַלע אַנדערע פראַגען און זיך נעמען צו דער איינער, די גרויסע,

די גרעסטע פון אלע, די סאָציאלע פראגע. און דאָ זענען מיט אמאָל געקומען די סאָציאליסטען, מען קאָן זאָגען פון דער גאנ־צער וועלט, און האָבען אלץ געשטעלט מיט דעם קאָפּ אראָפּ. זייער איצטיגע האנדלונג זאָגט, אז עס זענען דאָ וויכטיגערע פּראָבלעמען פון די סאָציאלע. די נאציאָנאלע פראגע קומט, לויט די סאָציאליסטען פון אייראָפּא, צוערשט און זי מוז פריהער פארענטפערט ווערען. ווען עס קומט א פראגע: סאָציא־ליזם אָדער נאציאָנאליזם, זאָגען זיי, לענען מיר אָפּ אָן א זייט דעם סאָציאליזם און קעמפען פאר דער נאציע. מיר זאָגען זיך נים אָפּ פון סאָציאליזם, דאָס איז ביי אונז פונקט אזוי טייער ווי פריהער, אָבער פאר דעם סאָציאליזם וועלען מיר קעמפען אזוי שנעל ווי מיר וועלען פארטיג ווערען מיט די פּראָבלעמען, וואָס זענען אונז נוגע אלס קינדער פון געוויסע נאציעס. דאָס איז זייער טענה. צי זיי האָבען רעכט צי נים, מיט דעם זאָלען זיך באשעפטיגען די מלמדים, וואָס האָבען נים עטוואָס אנדערש צו טאָן. דער פאקט איז א פאקט. און דער פאקט קאָן נים אוועקגע'פשט'עלט ווערען. אויב דאָס איז אזוי, פרעגט זיך: וואָס זאָלען מיר אידען טאָן? אויב עס איז רעכט ביי זיי אי־בערצולאָזען דעם סאָציאליזם אויף דערווייל, ביז זיי וועלען פארענטפערען די פראגע פון זייער נאציאָנאלער עקזיסטענץ, דארפען אפשר מיר, אידען, זיך אויך ארומקוקען וועגען אונזער נאציאָנאלער עקזיסטענץ? ווער ליידט נאָך אזוי פיעל ווי מיר? ביי וועמען איז די פראגע נאָך אזוי ברענענדיג, אזוי וויכטיג, ווי ביי אונז?

דאָס וואָס מיר האָבען נים קיין האָוויצערס, דאָס וואָס מיר קענען נים געהן אין מלחמה און באקעמפען די גאנצע וועלט, דאָס פּטר'ט אונז נים פון צו וועלען זוכען א מיטעל, דאָס מאכט די לאגע נים לייכטער, דאָס מאכט זי פיעל שווע־רער. דאָס וואָס מיר ווייסען נים וואָס צו טאָן, דאָס מאכט די פראגע פיעל וויכטיגער און פיעל פארפּלאָנטעטער, דאָס טרייבט נאָך מער אָנצוהויבען צו זוכען א מיטעל.

איך נעם זיך נים אונטער צו ענטפערען אויף די שווערע פראגען, איך וויים נים קיין ענטפער. אָבער אן אינערליכער דראנג, די נויטוועגדיגקייט צו קוקען די טאטזאכען גלייך אין

די אויגען, טרייבט מיך צו שטעלען די פראגע אזוי שארף און אזוי בולט ווי איך קאָן: וואָס זאָלען מיר אידען־סאָציאליסטען איצט טאָן? זאָלען מיר אָנגעהן מיט די אלטע מעטאָדען, אָדער זאָלען מיר, צוזאמען מיט די סאָציאליסטען פון אייראָפּא, זאָגען: די פּראָבלעמע פון נאציאָנאלער עקזיסטענץ איז וויכ־טיגער איידער די סאָציאלע פּראָבלעמע, און ביז מיר וועלען נים פארענטפערען די פראגע, האָבען מיר נים קיין צייט פאר דעם סאָציאליזם. אזוי שנעל ווי מיר וועלען פּארטיג ווערען מיט דער לעזונג פון אונזער נאציאָנאלער פראגע, וועלען מיר זיך ווידער נעמען צום סאָציאליזם אינערהאלב דער איינענער נאציע?

# „דער קויפמאַן פון ווענעדיג“ (שיילאָק).

א רעפעראט געהאלטען פאר אן ארבייטער רינג ברענטש. געווען
געדרוקט אין דער „אידישער וועלט“ יולי, 1914 אין ווילנא

1

מען קאן שטעלען די פראגע: וואס איז עפעס מיט אמאל שיילאָק? האט איהר נים געקאנט ווערלען א טעמע, וואס איז פרישער, לעבעדינער, וואס האט א מעהר אלגעמיינעם אינטע־רעס?

די פראגע איז פון אויבען אויף גענומען א גערעכטע; אבער נאר פון אויבען אויף. אמת איז, אז די טעמע איז נים ניי און נים פריש; עס איז שוין באלד דריי הונדערט יאהר, און איז א ברייטערען זין — שוין דריי טויזענט יאהר, ווי די פראגע ווערט „דיסקוטירט“. דאך איז זי לעבעדיג, זעהר לעבעדיג, באזונדערס פאר אונז, אידען.

אין די ענגליש רעדענדיגע לענדער הויבט זיך אן דאס שעקספיר־שטודיום אין די נאך נידעריגע שולען. אלע קינדער אין אלע שולען לערנען טהיילען פון דעם „קויפמאן פון ווענע־דיג“ אויף אויסווייניג. מען דארף הערען, מיט וואסער התלהבות יודישע קינדער געהען אום און חזר'ן אויף אויסוויי־ניג די גרויסע רעדע איבער „רחמנות“ פון פארשא, און מיט וואסער פאראכטונג זיי זאגען־נאך די רייד פון שיילאק, מען זאל זיך קאנען פארשטעלען, וואסער־איינדרוק דאס קען מאכען אויף נים יודישע קינדער.

ווי ווייט דאס גרייכט, קאן מען זעהן פון א שטיקעל נייעס אין אן אמעריקאנער צייטונג: „רבי הערי עטעלזאן פון הארט־פארד האט פארקלאגט שיילאק'ן פאר די „באארד אף עדיוקיי־שאן“ (די קאמיסיע איבער שול־אונטערריכט). ער האט גע־

בעטען אין דעם נאָמען פון דער יודישער באַפעלקערונג פון הארטפארד, אז שעקספּירס ווערק „דער קויפמאַן פון וועניזיג", וואָס האָט ארויסגערופען אזוי פיעל ויכוחים וועגען זיך, זאָל ניט געלערנט ווערען אין די סקולס, ווייל מען שטעלט זיך אַפּ מעהר אויף שיילאָק דעם יודען, ווי שיילאָק דעם מענש, און אז עס זייי נען די פיעל אנדערע ביכער, וועלכע האָבען אַ ליטעראַרישען און ערציהונגס־ווערט און קענען איינפלאַנצען אַ סך מעהר מאָ־ ראַל אין די קינדערשע הערצלעך, ווי שעקספּירס שיילאָק".

אַט דאָס שטיקעל נייעס איז אָפּגעדרוקט געווען אין דעצעמ־ בער, 1911, און ערשט אין 1913 האָט די שול־קאָמיסיע אין ניו־ יאָרק, לויט די פאָדערונגען פון פיעל יודען, ארויסגענומען דעם „קויפמאַן פון וועגעדיג" פון דער ליסטע. דאָס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט. עס איז געוואָרען אַ פּראָטעסט, און מען האָט דעם „איסור" אויף „שיילאָק" צוריקגענומען, ווייל עס איז באמת קאָמיש צו לערנען אין חרם דאָס אומשטערבליכע ווערק פון שעקספּיער.

דאָס ווערק קאָן מען ניט פארניכטען. עס איז נאָר נויטיג ריכטיג עס צו פארשטעהן, און עס איז דערפאַר ניט איבעריג די דאָזיגע טעמע פון ס׳ניי ארומצורערען.

איך וועל נישט רעדען וועגען דער קינסטלערישער זייט פון דער דראַמע. ניט אינטערעסירט עס אונז דאָ, און ניט איז נויטיג פאר מיר צו באַווייזען, אַז שעקספּיר איז אַן אומשטערב־ ליכער פּאָעט. איך וויל זיך נאָר באַשעפטיגען מיט דעם „מוסר השכל" פון דער געשיכטע, אַזוי צו זאָגען.

.2

די געשיכטע פון דעם „קויפמאַן פון וועגעדיג", איז בקיצור אזא:

אין בעלמאָנט, אַ אָרט ניט ווייט פון וועגעדיג (וועגעציע), אין זעהר אַ רייכען פאַלאַץ, האָט געוואוינט אַ מיידעל מיט דעם נאָמען פּאָרשאַ. זי איז געווען אַ יתומה, אָבער ניט, חלילה, קיין אָרימע יתומה. אדרבא, זי איז געווען אומגעהייער רייך און דערצו אַ באַריהמטע שענהייט, העכסט געבילדעט און זעהר

קלוג. עס איז זעלבסטפארשטענדליך, אז פיעל יונגע לייט האָ־
בען זיך גע׳שדכנ׳ט צו איהר. פראסטע מענשען האבען קיין
צוטריט ניט געהאט צו איהר. עס זיינען געווען נאר פרינצען
און פירסטען און אנדערע מיוחסים, וואס האבען געזוכט צו
דערגרייכען דעם טייערען אוצר. דאס מיידעל, פון אהר זייט,
האט אויך געוואלט געפינען א יונגענמאן, וואס זאל זי ווערט
זיין. איין זאך איז אבער געשטאנען אין וועג. איהר פאטער,
איידער ער איז געשטארבען, האט איבערגעלאזט א צוואה מיט
דריי פאר׳חסמ׳עטע קעסטלאך. איין קעסטעל איז געווען פון
גאָלד, דאס צווייטע פון זילבער, דאס דריטע פון בליי. יעדעס
קעסטעל האט געהאט א קונציגע אויפשריפט, און יעדער איי־
נער, וואס האט געזוכט פארשא׳ס האנט, האט געמוזט אויס־
קלייבען איינע פון די קעסטלעך, און אויב ער וועט געפינען
פארשא׳ס בילד, אין דעם קעסטעל, וואס ער האט אויסגעקליבען,
איז פארשא זיינע. יעדער איינער האט געמוזט פריהער געבען
א שבועה, אז טאמער עפענט ער ניט דאס ריכטיגע קעסטעל,
זאל ער קיינמאל קיינעם ניט דערצעהלען, וואסער קעסטעל ער
האט אויסגעקליבען. די אויפשריפטען זיינען געווען אזוי קונ־
ציג פארפאסט, אז עס איז געווען שווער צו טרעפען, וואסער
קעסטעל איז „דאס ריכטיגע״.

צווישען די פרינצען און פירסטען, וואס האבען געזוכט צו
עפענען דאס ריכטיגע קעסטעל, און דורך דעם דאס הארץ, און
אפשר נאר דעם בייטעל פון דער רייכער כלה, איז געווען א יונ־
גערמאן מיט דעם נאמען באסאניא. ער איז געווען אן ארעלי־
נער, וואס זיין גאנצע עשירות, ווי ער האט שפעטער אויסגע־
זאגט, איז גערונען אין זיינע אדערען. ד. ה. ער איז געווען א
גרויסער יחסן, אבער נאך א גרעסערער קבצן. מיט פארשא
איז ער געווען באקאנט נאך פון פריהער, און איהם האט זיך גע־
דוכט, אז זי איז ניט גלייכגילטיג צו איהם, נאר פריהער, ווען
פארשא׳ס פאטער האט נאך געלעבט, האט דער ארימער בעל־
גאוה אפילו ניט געקאנט דענקען וועגען איהר. איצט אבער, אז ער
איז געוואהר געווארען פון די דריי קעסטלעך, האט ער זיך גע־
קלערט, ער וועט פראבירען זיין גליק. וואס האט ער צו פארלירען?
אבער כדי צו קומען אהין, האט ער געמוזט זיין אויסגעפוצט, ווי

א רייכער מאן, און אויף דעם האט ער קיין געלט ניט געהאט. האט ער זיך געווענד נאך הילף צו זיין פריינד אנטאניא. אנ־טאניא איז געווען א באוואוסטער סוחר אין ווענעדיג. ער איז געווען א גרויסער בעל־טובה; ער פלעגט אלעמען העלפען, און פלעגט לייהען געלט אהן פראצענט. ער איז דערפאר געווען גע־אכט און באליבט ביי אלעמען. באסאניאן האט ער געקענט פון קינדווייז אויף, ער האט איהם ליב געהאט און פלעגט איהם אלע מאל ארויסהעלפען, ווען יענער פלעגט זיך פארהולטייעווען. איצט איז באסאניא צו איהם געקומען און איהם דערצעהלט, אז ער האפט צו געווינען די רייכע פארשא, נאר אז ער האט ניט דאס נויטיגע קליין געלט, א סומע פון אן ערך דריי טויזענט דו־קאטען (אויף היינטיגע געלט, צווישען 60 און 70 טויזענט רובעל).

אנטאניא האט זעהר געוואלט העלפען זיין פריינד, אבער ער האט ניט געהאט דאס געלט. וואס טהוט מען? איז גע־בליבען ביי איהם צו געהן צו א יודען שיילאק, און בארגען ביי איהם דאס געלט. שיילאק האט ניט געפיהלט קיין איבעריגע ליבע צו אנטאניא. שיילאק איז געווען א פראצענטניק, א הויט שינדער, א בלוט זויגער, און אנטאניא איז געווען א מזג טוב, א בעל־רחמנות, און דאס ערגסטע פון אלץ — ער פלעגט פאר־לייהען געלט אהן פראצענט, און אזוי ארום שעדיגען שיי־לאק׳ס געשעפטען. שיילאק האט דאריבער פון תמיד געזוכט צו נעמען נקמה פון אנטאניא. און אז באסאניא איז איצט געקו־מען צו שיילאק׳ן בארגען געלט אויף די ערבות פון אנטאניא, איז שיילאק געווען זעהר צופרידען. איצט איז געקומען מיין צייט, האט זיך געטראכט; איצט וועל איך זיך נוקם זיין אהן איהם. ער איז באלד מרוצה געווארען און געזאגט, אז אנטאניא זאל קומען צו איהם נאך דעם געלט. אז אנטאניא איז געקומען, האט שיילאק איהם מכבד געווען מיט עטליכע געפעפערטע שטעכווערטלעך. „ווי קומט עס, האט ער געפרעגט, וואס איהר ווילט בארגען געלט אויף פראצענט, און נאך פון מיר, א הונט ווי איך? א. אז. וו.“. אנטאניא איז איהם דעם ענטפער ניט שולדיג געבליבען.

דער סוף איז געווען, אז שיילאק האט געזאגט צו אנטאניא,

אַז כּדי איהם צו באַווייזען, אַז ער איז איין אמת'ן זיינער אַ פריינד, וועט ער איהם לייען דאָס געלט אָהן אַ גראָשען פּראָצענט. ער פאַרלאַנגט נאָר, אַז אַנטאָניאָ זאָל מיט איהם געהן צו אַ נאָטאַריוס, אַזוי זיך פון שפּאַס וועגען, און איהם אונטערשרייבען אַ פּאַפּיער, וואו ער איז זיך מתחייב צו לאָזען פון זיך אויסשניידען אַ פונט פלייש, נאָהענט צום האַרצען, אויב דאָס געלט וועט ניט באַצאָהלט ווערען צום טערמין. באַסאַניאָ וויל ניט דערלאָזען אַנטאָניאָ'ן אונטערצושרייבען אַזאַ פּאַפּיר, אָבער אַנטאָניאָ לאַכט זיך אויס. איידער דער טערמין פון צאָלען וועט קומען, זאָגט ער, וועלען אַלע מיינע שיפען שוין פון לאַנג האָבען צוריקגעקומען, און איך וועל קאָנען באַצאָלען צעהן מאָל אַזוי פיעל. און זיי מאַכען אָפּ געהן צו אַ נאָטאַריוס.

שיילאָק האָט אַן איינציגער טאָכטער, און אַ דינער אַ נאַר. אין דער טאָכטער איז פאַרליעבט אַ קריסט, לאָרענצאָ, אַ פריינד פון באַסאַניאָ און אַנטאָניאָ. ער איז אודאי אויך געוועזען אַ לעב־יונגעל, אַ קבצן, און האָט געזוכט אַ רייכע כּלה, ווי דער שטיינער איז. עס איז שוין אַן אַלטער כּלל, אַז דער גרעסטער יודען־פיינד האָט ניט פיינט קיין יודיש מיידעל, בפרט נאָר, אַז

דאָס מיידעל האָט אַ רייכען טאַטען.

אָט דער תכשיט, לאָרענצאָ, דער פריינד פון דעם גרויסען בעל טובה אַנטאָניאָ, האָט אָפּגעמאַכט מיט יעסיקאַ, שיילאָק'ס טאָכטער, זי זאָל אַרויס־גנב'ענען ביים טאַטען, וואָס נאָר מעגליך, און מיט איהם אַנטלויפען. ווען שיילאָק געהט אַוועק צום נאָטאַריוס, קומט לאָרענצאָ מיט אַ חברה אַזוינע הולטאַיעס, ווי ער אַליין, און נעמט אַרויס יעסיקאַ דורך דעם פענסטער און אַ שקאַטולקע מיט צירונג, וואָס זי וואַרפט איהם פריהער אַרויס. דערוויילע געהט אויך דער דינער אַוועק פון שיילאָק'ן און באַסאַניאָ געמט איהם צו.

אַז שיילאָק קומט אַהיים און געפינט דאָס הויז ליידיג, איז ער אויסער זיך פון צער. זיין טאָכטער, זיין איינציגעס טאָכטער איז אַוועק, און די צירונג, די טייערע צירונג! די געפילען צווישען דער טאָכטער און די צירונג בייטען זיך שנעל,

און מיט אזא קראפט, אז מען ווייסט ניט, וואס טהוט איהם מעהר וועה, די טאכטער, צי די טייערע חפצים.

באסאניא איז זיך דערווייל אוועקגעפאהרען קיין בעלמאנט. דארט האט ער געשפיעלט די גרויסע ראלע פון דעם פריץ, דעם איידעל־מאן, און האט נאטירליך קיינעם ניט דערצעהלט, אז ער איז געקומען צופאהרען אויף געבארגט געלט, געבארגט ביי א יודען, א פראצענטניק, און אז זיין בעסטער פריינד, זיין פריינד אנטאניא, האט פאר'משכונ'ט דאס לעבען פאר איהם. ער האט געלעבט ווי א קייזער, און האט איגאנצען פארגעסען אן זיין פריינד.

די צייט געהט זיך דערווייל, און נאך אלע פארשיידענע פארמאליטעטען, האט ער געקראגען די געלעגענהייט אויסצו־קלייבען צווישען די קעסטלעך· עס האט אזוי פאסירט, אז ער איז געוועזן דער גליקליכער. ער האט אויסגעקליבען דאס בלייע־נע קעסטעל, אין וועלכען עס איז געלעגען דאס בילד פון פאר־שא מיט דער אויפשריפט, אז אזוי ווי ער איז ניט ווי אנדערע, וואס יאגען זיך נאך גאלד, א סימן, ער האט אויסגעקליבען דאס בלייענע קעסטעל, פארדינט ער פארשא'ס האנט.

באסאניא האט אויף זיין רייזע מיטגענומען זיין פריינד גראציאנא און יענער האט זיך דא דערווייל פארליבט אין פארשא'ס צימער־פריילין, זי אין איהם אויך, און עס איז אבער ווי זיי שטעהען אזוי אלע און פרעהען זיך, קומט אן א שליח מיוחד מיט א בריף צו באסאניא. אז ער האט אי־בערגעלייענט דעם בריף איז ער געווארען בלייך, ווי די וואנט. פארשא איז, פארשטעהט זיך, נייגעריג געוועזן צו וויסען, וואס פאר א בריף דאס איז, און דא איז אלץ ארויסגעקומען, ווי בוימעל אויפ'ן וואסער. אין דער צייט ווען באסאניא האט זיך אזוי פיין אמוזירט ביי דער רייכער כלה, און האט אינ־גאנצען פארגעסען זיין פריינד, איז מיט אנטאניא'ן געשעהן אן אומגליק. אלע זיינע שיפען זיינען אונטערגעגאנגען. און דערווייל איז אנגעלאפען דער טערמין פון דעם וועקסעל, ער האט ניט דאס געלט צו סילק'ן, און שיילאק פאדערט דאס פונט פלייש. דאס אלץ האט אנטאניא געשריבען, און ער האט צוגעלעגט, אז ער שרייבט דעם בריף זיך צו געזעגענען מיט

באסאניא, און איהם צו ווינשען גליק, פארזיכערענדיג איהם דערביי, אז ער טראגט אויף איהם ניט קיין שנאה.

ווי פארשא האט דאס דערהערט, — און באסאניא האט איהר נאך אויסגעזאגט דעם סוד, אז דאס געלט איז געווען געבארגט ביי שיילאק'ן פון זיינטוועגען, ווארום ער איז נאך רייך אין אריסטאקראטיש בלוט, — האט זי ניט געטראכט א מינוט, האט שנעל געכאפט א בייטעל מיט געלד, און געהייסען באסאניא פארען אזוי געשווינד, ווי מעגליך, קיין ווענעדיג, אויסצוקויפען דעם טייערען פריינד, אנטאניא, פון די הענט פון דעם יוד שיילאק.

פארשא האט געהאט א שוועסטערקינד אין פאדוא, מיט דעם נאמען באלעריא, א גרויסער געלערנטער אין יוריספרודענץ. תיכף ווי באסניא מיט זיין פריינד און מיט דעם געלט זיינען אבגעפאהרען, האט פארשא אויף גיך געשיקט צו איהר שוועסטערקינד פרעגען אן עצה, און איהם געבעטען, ער זאל איהר לייהען די מלבושים פון אן אדוואקאט. עס האט אזוי פאסירט, אז דאס געריכט פון ווענעדיג, וואס האט בצדרפט משפט'ן צווישען אנטאניא און שיילאק, האט געשריבען צו דעם זעלבען באלעריא, און איהם געפרעגט אן עצה. מיט אט דער געלעגענהייט האט דער געלעהרטער זיך באנוצט, און ער האט געגעבען פארשא א בריף, וואו ער דערקלערט, אז צוליב קראנקהייט קאן ער אליין ניט קומען און שיקט זיינעם א יונגען פריינד, א גרויסען געלערנטען, מיט דעם נאמען באלטהאזאר, אויף וועמען מען קאן זיך פארלאזען.

ווי פארשא האט נאר דערהאלטען דעם בריף מיט די מלבושים האט זי זיך שנעל איבערגעטאן פאר אן אדוואקאט, איהר באדינעריץ האט זי געמאכט פאר א סעקרעטאר, געשווינד אבגעפאהרען קיין ווענעדיג, און פונקט אנגעקומען צום משפט.

דער גרויסער מומחה האט אויסגעהערטביידע צדדים און גלייך מודה געווען, אז שיילאק איז גערעכט, דאס געזעץ איז אויף זיין זייט. איהם קומט דאס פונט פלייש.

שיילאק איז גליקליך. דער ריכטער איז דער בעסטער אין דער וועלט. „א גרויסער חכם, אן אמת'ער דניאל. א גערעכ־

טער ריכטער, אן אמת'ער משפט!" — שרייט ער אויס עט־ליכע מאָל, און ער שארפט דאס מעסער מיט שטאָלץ, און מיט א געפיהל פון נקמה.

שיילאָק איז גערעכט, זאָגט דער געלערנטער אדוואָקאַט, איהם קומט דאס פונט פלייש, אבער... און דא האלט דער ריכ־טער א רעדע וועגען גנאָד, א רעדע, וואס קאן רירען א שטיין, און ער בעט ביי שיילאָק'ן, ער זאָל רחמנות האבען און מוחל זיין אויף דעם געזעץ. זאָל ער בעסער נעמען געלט, זעקס מאָל אזוי פיל, צעהן מאָל אזוי פיל.

שיילאָק וויל ניט הערען. ער וויל דאס געזעץ, טענה'עט ער. „יקוב הדין את ההר": אמת יודיש.

אויב אזוי, זאָגט דער ריכטער, איז ניט דאָ וואס צו מאַ־כען. דער יוד מוז קריגען זיין פונט פלייש. איז דאָ א וואָג־שאָל? פרעגט ער, אָבצעוועגען דאס פונט פלייש?

געוויס איז דאָ! שיילאָק האט אלץ פארזאָרגט, און ער האט אויך א וואגשאָל געבראכט.

דאס וואגשאָל ווערט צוגעגרייט, דאס מעסער בלאַנקט, איז שארף און שפיציג. אנטאָניאָ עפענט דאס הארץ. שיי־לאָק פארקאַשערט די ארבעל, גרייט צום שניידען, און ער וויל צולעגען דאס מעסער צום הארצען. „האלט!" שרייט פלוצ־לונג אויס דער ריכטער. שיילאָק שטעלט זיך אָפּ פארוואונ־דערט.

— אין דיין וועקסעל, שיילאָק, זאָגט דער ריכטער, שטעהט געשריבען, דו זאָלסט אויסשניידען א פונט פלייש. דו מוזט אלזאָ נעמען א פונט פלייש. ניט מעהר און ניט ווייניגער. אין דיין וועקסעל ווערט גאר ניט דערמאָנט פון בלוט. דיין פונט פלייש קומט דיר, קויםוועסט דו אבער נעמען איין קריש מעהר אָדער ווייניגער, טאָמער וועסט דו פארגיסען גאר איין טראָפּען פון זיין בלוט, פארלירסט דו דיין קאָפּ_ .

שיילאָק לאָזט אָב די האנט און הענגט ארונטער דעם קאָפּ. איינער פון אנטאָניאָ'ס פריינד שרייט דערוויי‍ל אויס ציניש: א קלוגער ריכטער, שיילאָק, א גוטער ריכטער, א דניאל.

— גיט מיר דאס געלט, זאָגט שיילאָק.

באַסאַניאָ לויפט צו מיט א גדולה, און וויל איהם געבען

דאס געלט, אבער דער ריכטער זאגט: ניין! דער יוד וויל גערעכטיגקייט; מיר'ן איהם געבען גערעכטיגקייט. די גערעכטיגקייט קומט אויס אזוי: נאך דעם ווענעציאנער געזעץ, ווען א פרעמדער זוכט דעם טויט פון בירגער, ווערט זיין גאנץ פארמעגען קאנפיסקירט, א העלפט דערפון געהערט דער מלוכה און די אנדערע העלפט צו דעם, וועמעס לעבען ער האָט געזוכט צו נעמען; זיין אייגען לעבען קאן ער נאר דערהאלטען, ווען דער דיוק שענקט עס איהם.

אז די חברים פון באסאניא הערען דאס, הייבען זיי אן צו לאכען און צו שפעטען. ניט אזוי אבער דער דיוק. ער שענקט איהם גלייך דאס לעבען, נאך איידער שיילאק בעט עס. אנטאניא איז נאך א גרעסערער בעל רחמים: ער בעט דעם דיוק, ער זאל איהם אויך מוחל זיין די העלפט פון דעם פארמעגען, וואס קומט דער מלוכה, בשעת די אנדערע העלפט, די העלפט, וואס געהערט איהם, וויל ער נאר האלטען ביז שיילאק וועט שטארבען, און דאן וועט ער עס אפגעבען צו זיין איידעם לארענצא. פאר דעם דאזיגען חסד פארלאנגט ער נאר, שיילאק זאל אונטערשרייבען א פאפיר, אז ער וועט די העלפט אויך אפשרייבען זיין איידעם.

שיילאק שווייגט. ער בעט זיך נאר, מען זאל איהם לאזען אהיים געהן, און צושיקען דאס פאפיר שפעטער. דער דיוק, אין זיין חסד, דערלויבט איהם דאס אויך.

דאס איז אייגענטליך דער סוף פון דער געשיכטע. עס קומט נאך פאר, ווי באסאניא פארט אהיים און דערוויסט זיך, אז דער גרויסער ריכטער איז דאס געוועזען זיין געליבטע פארשא; ווי מען פרעהט זיך דערנאך א. אז. וו. אבער דאס אלץ איז ניט וויכטיג. דאס וויכטיגע איז דא איבערגעגעבען געווארען בקיצור.

3

ווענען אט דעם „קויפמאן פון ווענעדיג" איז אננעשריבען געווארען א גאנצע ליטעראטור. טויזענטער פרושים זיינען געמאכט געווארען. אייניגע ווילען האבען, אז שעקספיר

איז געווען אן אנטיסעמיט, און ער האט בכיון ארויסגעשטעלט דעם יודען אין א שלעכט ליכט. מיט דער מיינונג וועלען מיר זיך דא ניט באשעפטיגען. עס איז בכלל א טעות צו וועלען אויסגעפינען די פערזענליכע מיינונג פון א קינסטלער. עס איז גארניט וויכטיג צו וויסען, וואס שעקספיר פערזענליך האט געדענקט, און וואס ער האט געוואלט, צי איז ער גע־ווען אן אנטיסעמיט, צי ניט. ביי אזעלכע געניאלע ווערק, ווי שעקספיר'ס, איז פיל וויכטיגער די פראגע, וואס די קומענ־דיגע דורות דענקען און פיהלען, און ווילען, לעזענדיג דאס ווערק; עס איז וויכטיג, וואס די דורות נעמען ארויס פון די שריפטען, אדער ריכטיגער, וואס זיי לעגען דארט אריין. פון אזעלכע גרויסע ווערק נעמט ניט יעדער ארויס, וואס ער וויל, נאר יעדער לעגט דארט עטוואס אריין. דאס איז די אמת'ע מאס פון א ווירקליך גרויס ווערק, פון א ווערק, וואס איז בא־שאפען געווארען לדורות. א צווייטער טעם, פאר וואס עס איז ניט כדאי זיך צו באשעפטיגען מיט אט דער פראגע, איז דער, וואס שעקספיר האט די מעשה ניט אויסגעקלערט. נאך מיט עטליכע הונדערט יאהר פאר שעקספיר'ן איז די מעשה געווען באקאנט אין פארשיידענע פארמען; לאנג איידער שעקספיר האט געשריבען זיין „קויפמאן פון ווענעדיג“, פלעגט מען שפילען אויף דער ביהנע א שטיק מיט דעם נאמען „דער יוד“, אין וועלכען עס ווערט פארגעשטעלט, ווי א יוד פאר־לאנגט א פונט פלייש פון א קריסט. די עלטסטע ערצעהלונג פון דעם סארט, וואס איז באקאנט, און וואס מען רעכענט, אז שעקספיר האט פון איהר גענומען זיין סוזשעט, איז געשרי־בען געווארען אין דעם יאהר 1320 פון אן איטאליענער מיט דעם נאמען דזשאוואני פיארענטי.

פון דער ערצעהלונג, קאן מען אלזא ניט וויסען, צי איז שעקספיר געווען אן אנטיסעמיט, צי ניט, ווייל ער האט די מעשה גאר ניט אויסגעקלעהרט. און די גרויסקייט פון שעקס־פיר ליגט דאך טאקע גאר ניט אין דעם, וואס ער האט דערצעהלט א שעהנע מעשה, נאר אין די טיפען, וואס ער האט באשאפען, אין די נשמות, וואס ער האט אריינגעבלאזען אין די טויטע גופים פון דעם איטאליענער דזשיאוואני פיארענטי.

דריי הויפּט־טיפּען זיינען דאָ אין דעם ווערק: שיילאָק, אַנטאָניאָ און פּאָרשאָ.

שיילאָק איז דער העכסטער שטאַפּעל פון אידישער אכזריות, אַנטאָניאָ איז דער העכסטער שטאַפּעל פון קריסט־ליכע ליבע, און פּאָרשאָ — די העכסטע מדרגה פון קריסטליכער רחמנות און גערעכטיגקייט. נו, האָט אָבער די וועלט זיך אָנ־געכאַפּט נאָר אין איינעם פון די דריי טיפּען. עס באַטראַכט נאָר די אכזריות פון שיילאָק. דאָס וואָרט „שיילאָק" איז גע־וואָרען אַ זידעל־וואָרט פאַר אַלע יודען, בשעת דאָס וואָרט „אַנטאָניאָ", וואָס דאַרף דאָך פאַרקערפּערן די קריסטענליבע, ווערט ניט געברויכט ווי אַ וואָרט פון אַכטונג, אַזוי ווי דאָס וואָרט „פּאָרשאָ" סימבאָליזירט ניט מיט זיך דעם באַגריף פון רחמנות, אָדער גערעכטיגקייט. דאָס קומט פון דעם, וואָס די וועלט נעמט אַרויס אָדער לעגט אַריין אין דעם ווערק פון שעקספּיר ניט וואָס שעקספּיר האָט געוואָלט, נאָר וואָס זי, די וועלט וויל. דערפאַר איז כדאי איבערצוקערען די מטבע, און צוזאַמען מיט שיילאָק'ס „חסרונות", צו אַנאַליזירען אַ ביסעל אויך אַנטאָניאָ'ס און פּאָרשאָ'ס „מעלות".

קודם כל שיילאָק. איז שיילאָק אַ יוד?

איך האָב מורא, אַז מען קאָן איהם צו אַ מנין ניט מצרף זיין. ער האָט ניט אין זיך קיין פונק יודישקייט. אַלץ, וואָס ער רעדט, קלינגט, „ווי אַ גוי רעדט יודיש". אַז באַסאַניאָ פאַר־בעט איהם אויף מיטאַג, ענטפערט ער: „איך וועל קויפען ביי אייך, איך וועל אייך פאַרקויפען, איך וועל רעדען מיט אייך, שפּאַצירען מיט אייך, אָבער איך וועל ניט עסען מיט אייך, ניט טרינקען מיט אייך, און ניט נאָט בעטען מיט אייך". אָט די עטליכע ווערטער זיינען כמעט די איינציגע, וואָס זיי־נען נאָך עטוואָס יודיש. זיין הויז קענען מיר נאָר פון דרויסען; מיר ווייסען ניט, צי געהט ער אין שול אַריין, צי דאַווענט ער בציבור, צי דאַווענט ער פאַר זיך, צי דאַווענט ער בכלל; אַז יעקב איז דער דריטער פון די אבות, דאָס מוז ער ערשט אויס־רעכענען אויף די פינגער. ווענדענדיג באַווייזען אַנטאָניאָ'ן, אַז מען מעג נעמען פּראָצענט, דערצעהלט ער איהם די מעשה פון יעקב מיט לבן, ווי יעקב האָט אָוועקגעשטעלט די נקודים

וברודים, ווי די שעפּסעלער האבען זיך פאַרזעהן א. אז. וו. שיילאקס ערקלערונג, אז ער האט געשוואָרען ביי שבת צו נעמען נקמה, קלינגט ווידער ווי א גוי רעדט יודיש.

האט שיילאק א ווייב? האט ער א משפחה? שטאמט ער פון רבנים, קומט ער ארויס פון גראבע יונגען? דאס אלץ ווייס מען נים. רעדט ער פון א קריסט, זאגט ער הגר'ס קינ־דער. מיט איין ווארט: קיין זאך צייגט ניט אן אויף זיין אב־שטאמונג פון יודען, אדער אויף זיין יודישקייט, אחוץ דעם, וואס ער איז א פּראצענטניק.

זיין טאכטער, יעסיקא, ווייס נאך ווייניגער פון איהם. קוקענדיג אויף איהר וועט קיינער ניט זאגען, אז זי איז א יודישע טאכטער.

דאס אלץ איז ניט געזאגט, כדי צו פארלייקענען שיילאק'ן, כדי צו קאנען אראבוואַרפען פון זיך די פאראנטווארטליכקייט פאר זיין אכזריות. אדרבא, הלואי וואלט שיילאק געווען א איד אין אלע פּרטים — ער וואלט דאן ערשט געהאט אט די גרוי־סע באדייטונג, וואס ער דארף האבען. ווארום אויב וועלכע עס איז דראמא איז אין שטאנד שארף און בולט צו מאלען די אייביגע טראגעדיע פון דעם יודען פון איין זייט, און די נים ווייניגער אייביגע צביעות פון די יודען־פיינד, פון דער צווייטער זייט, — איז דאס „דער קויפמאן פון ווענעדיג“, מיט שיילאק אלס הויפט פיגור.

דאס איז, ווי באוואוסט, ניט די אנגענומענע מיינונג, גע־וועהנליך, (מיט דער אויסנאם פון הייע'ן—די רעד.), ווערט שיילאק באטראכט, ווי אן אכזר, א פּראצענטניק, א בלוט־זויגער, אנטאגיא ווי א פארקערפערונג פון קריסטליכער ליבע, ווי דאס רחמנות אליין.

אבער דאס איז איינס פון די גרויסע טעות'ן, וואס די וועלט מאכט. שעקספּיר, דער גאון, האט אזוי ניט געקאנט מיינען. ער וואלט קיינמאל ניט געקאנט אריינגעבען אין שיי־לאק'ס מויל די ווערטער, וואס שפריצען מיט פייער וועגען די אומגערעכטיגקייט צו זיין פאלק, ווען ער וואלט שיילאק'ן גע־האלטען פאר א נידריגען מנשען. און אויב ער האט יא אזוי געדענקט, און עס איז פארט ארויסגעקומען דער שיילאק, וואס

מיר זעהען, באַווייזט דאָס נאָך ניט די אמת'ע גרויסקייט פון שעקספיר.

ווי עס ווייזט, האָט שעקספיר קיין יודען ניט געקענט, ער האָט אפשר קיינמאָל ניט געזעהן קיין יודען. די ערצעהלונג, ווי שוין געזאָגט, האָט ער גענומען אַ פאַרטיגע. אָבער ניט קוק־נענדיג דעם איינצעלנעם יודען, האָט שעקספיר ניט געקאָנט ניט וויסען פון די ליידען און די רדיפות, וואָס דאָס אייביגע וואַנ־דערנדיגע, אייביג ליידענדיגע, אייביג גע'רודפ'טע און דאָך אייביג לעבעדיגע פאָלק האָט אויסצושטעהן.

אַזאַ פאָלק — דאָס האָט דער געניע געוואוסט אינסטינקט־טיוו, — וועט ביי אַזאַ צושטאַנד אריינפאַלען אין אַפּאַטיע, וועט אַנווערען יעדע ווידערשטאַנדס־קראַפט, און וועט האָבען אַן אונטערטעניגקייטס־געפיהל, וואָס ברענגט צו חניפה און רמאות, ביז עס וועט, ווי שיילאָק, קאָנען זאָגען, האַלב ערנסט, האַלב סאַרקאַסטיש: „צו ליידען איז די חתימה פון מיין שבט". איינער אָבער וועט זיך פון צייט צו צייט געפינען אין דעם פאָלק, וואָס וועט רעבעלירען, און אין זיין האַרץ וועט ברע־נען אַ פייער פון האַס, וואָס וועט איבערגעהן אין אַ דאָרשט צו נקמה. דער דאָרשט צו נקמה וועט זיין אַלץ שטאַרקער, וואָס ווייניגער עס וועט זיין די מעגליכקייט איהם צו לעשען.

אַזוי אַרום, איז דער יוד אין שיילאָק'ן אַרויסגעקומען אַ קאַריקאַטור, בעת פון דער צווייטער זייט האָט דער גרויסער מייסטער מיט אַ זיכערער האַנד געשילדערט דעם הילכענ־דיגסטען פּראָטעסט, דעם געוואַלדינסטען וועה־געשריי, קע־גען דער אַהנמאַכט און הילפלאָזיגקייט פון דעם יודישען פאָלק.

דאָס איז די גרויסקייט אין שעקספיר. ער שטעלט ניט פאַר אַן איינציגען יוד און אַכזור, ער דריקט ניכער אויס אַן אַלגעמיין געפיהל, אַ געפיהל, וואָס יעדער יוד לעבט איבער, ועניגסטען איין מאָל אין זיין לעבען, דער „תמות נפשי עם פלשתים", דער פאַרלאַנג זיך באַטש איינמאָל נוקם צו זיין פאַר אַלע גנישות און רדיפות, פאַר אַלע עולות און רציחות, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרען געגען זיין פאָלק אין משך פון טויזענטער יאָהרען.

און צוליעב אט דעם געפיהל, צוליב אט דעם פונק, וואס טליעט אפילו אין הארצען פון א „שיילאק“, האט דער פראַ־צענטניק לכתחילה זיך אפגעזאגט פון פראצענט. אלץ, וואס ער האט געבעטען, איז געווען, אנטאניא זאל איהם אונטערשריי־בען דעם שיין פאר א פונט פלייש, אין דער האפנונג צו קאַ־נען נעמען נקמה פאר זיין פאלק. שיילאק דער מענש, וואס קאן זיך ניט אנזעטיגען מיט וואכער, זאגט זיך לכתחילה אפ פון פראצענט צוליב זיין יודיש געפיהל. און ניט נאר דעם פראצענט וויל ער ניט נעמען, ער זאגט זיך אויך לכתחילה אפ פון דעם קרן. אט דעם פונקט האבען, ווי עס שיינט, פיל פארזעהן, שיילאק האט פון דער ערשטער מינוט אן ניט גע־וואלט דעם קרן. דאס גאנצע שפיצעל מיט דעם וועקסעל פאר א פונט פלייש איז דאך געמאכט געווארען אין דער האפנונג, אז אנטאניא וועט ניט קאנען באצאלען צום טערמין, און ער, שיילאק, וועט אזוי ארום קאנען נעמען נקמה.

אנטאניא קומט צו שיילאק'ן בעטען דאס געלט, און צווישען זיי קומט פאר אט דער דאזינער געשפרעך:

ש י י ל א ק:

סיניאר אנטאניא, פיל מאל און אפט,
אויף דער בערזע האט איהר אפגעשאצט
אי מיינע געלטער, אי די פראצענטען מיינע:
איך האב דאס אלץ פארטראגען מיט א געדולדיגען שאקעל;
ווארום צו ליידען איז די חתימה פון אונזער גאנצען שבט.
איהר רופט מיך אומגלויבער, האלז־שניידענדיגער הונט,
און איהר האט געשפיגען אויף מיין יודישער קאפאטע,
און אלץ דערפאר, וואס איך נעם פראצענט פאר דאס,
וואס איז מיין.
גוט, יעצט, ווי עס ווייזט, דארפט איהר מיין הילף,
געהט שוין, געהט; איהר קומט צו מיר און איהר זאגט:
„שיילאק, מיר ווילען געלט“, אזוי זאגט איהר,
איהר, וואס גיסט אויס אייער לייכע אויף מיין בארד,
און קאפעט מיך, ווי איהר טוט צו א פארשיווען הונט.
פון אייער שוועל: געלט דארפט איהר.
וואס זאל איך אייך זאגען? זאל איך ניט זאגען:

ווי קומט צו אַ הונט געלט? איז עס מעגליך
אַ פאַרשיוועער הונט זאָל לייען דריי טויזענט דור־
קאַטען? אָדער
זאָל איך זיך פאַרנויגען, און מיט דעם טאָן פון אַ שקלאַף,
מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, און שטילער דערנידערונג,
זאָל איך זאָגען:
גנעהרטער הער, איהר האָט געשפּיגען אויף מיר
לעצטען מיטוואָך,
איהר האָט מיך פאַראַכט אין אַזאַ טאָג; אַן אַנדערש מאָל
האָט איהר מיך גערופען הונט, און פאַר אַט די
העפליכקייטען
וועל איך אייך לייהען אַזאַ סומע געלט?
אַנטאָניאָ'ן האָבען די דאָזיגע ווערטער ניט געשמעקט,
און ער האָט זיך שטאַרק צעבייזערט. שיילאָק האָט באַלד גע־
ביטען דעם טאָן. ער וויל ניט נעמען ראַכע, און ער וויים, אַז
פלינען כאַפּט מען מיט האָניג, ניט מיט עסיג. ער הויבט דער־
פאַר אָן אַ ביסעל ווייכער. ער וויל אַנטאָניאָ'ן ווייזען זיין
פריינדשאַפט, זאָגט ער, צוליב דעם וועט ער ביי איהם קיין
פּראָצענט ניט נעמען; ער וויל נאָר אַ שיין אויף דעם פונט
פלייש. דער וועקסעל איז זיך גלאַט אַזוי. צו וואָס טויג איהם
אַ פונט מענשישע פלייש? וואָס קען ער טון דערמיט? א. אז. וו.
אָבער שפּעטער, נאָך דעם, ווי זיין טאָכטער איז אַנט־
לאָפען, און ער האָט דעם וועקסעל ביי זיך, קומט צו איהם
סאַלאַרינאָ און זאָגט:
איך בין זיכער, אויב ער קאָן ניט באַצאָלען, וועסט דו ניט
נעמען זיין פלייש: צו וואָס טויג דאָס?
ענטפערט שיילאָק:
„צו כאַפּען פיש דערמיט. אויב עס קאָן ניט זעטיגען קיין
אַנדער זאַך, וועט עס זעטיגען מיין נקמה. ער האָט פון מיר
געשפּעט און מיר קאַליע געמאַכט אַ האַלבען מיליאָן:
ער האָט
געלאַכט, ווען איך האָב געהאַט שאַדען, חווק געמאַכט פון
מיינע פאַרדינסטען, פאַראַכט מיין נאַציע, געשטערט
מיין מסחר, אָפּגעקילט מיינע פריינד, געהעצט מיינע

שונאים; און פארוואס? איך בין א איד. האט
א איד ניט קיין אויגען? האט א איד ניט קיין הענט,
אברים, חושים, ליבע, ליידענשאפט?
געשפייזט מיט די זעלבע שפייז, פארוואונדעט מיט
די זעלבע וואפען, אונטערװארפען דערזעלבער קראנקהייט,
געהיילט מיט די זעלבע מיטלען, געווארעמט און געפרירט
פון דעמזעלבען זומער און ווינטער, פונקט ,ווי א קריסט?
אז איהר שטעכט אונז, בלוטען מיר ניט? אז איהר
קיצעלט אונז,
לאכען מיר ניט? אז איהר סם'ט אונז, שטארבען
מיר ניט? און אז
איהר טוט אונז וועה, זאלען מיר זיך ניט נוקם זיין?
אויב מיר
זיינען ווי איהר אין אלעם איבעריגען, וועלען מיר זיין
גערא‍טען
אין אייך אויך אין דעם".

אט דאס איז דער וועה־געשריי פון שיילאק: נקמה!
נקמה! ניט פאר זיך, נאר פאר זיין פאלק. אין די אייגענע
קריוודעס דערקענט ער די ליידען פון זיין פאלק, און די ליידען
פון זיין פאלק געפינט ער א תירוץ אויף זיינע אייגענע ליידען.
איהר האט מיך אויסגעלאכט און פאראכט און קאליע געמאכט
מיינע געשעפטען, ניט ווייל איך בין שולדיג אין עטוואס, נאר
ווייל איך בין א איד. דאס איז דער תמצית פון זיין פראטעסט.
„איהר האט מיך גערופען הונט. נאך איידער איהר האט געהאט
אן אורזאך", באקלאגט זיך שיילאק.

ניט נאר האט שיילאק זיך אפגעזאגט פון פראצענט, ניט
נאר איז ער גרייט צו פארלירען דעם קרן, ער טוט נאך פיל
מעהר, ער, ביי וועמען דאס געלט איז דאס גאנצע לעבען.
פאר די דריי טויזענד דוקאטען, וואס ער האט געליהען,
באט מען איהם זעקס טויזענט. שיילאק איז מוחל.

ער וויל ניט קיין געלט.

הונדערט און דרייסיג טויזענט רובעל איז דער בלוט־
זויגער שיילאק מוחל, אבי צו קאנען נעמען נקמה פאר די
רדיפות פון זיין פאלק. „ווען יעדער פון די זעקס טויזענט דו־

קאַטען זאָל צעטיילט ווערען אין זעקס חלקים, און יעדער חלק זאָל זיין אַ דוקאַט", זאָגט ער, ווענט ער אויך ניט נעמען. ער וויל נקמה.

נאָך מעהר. צעהיצט ווי ער איז, דאַרשטיג צו נעמען נקמה ווי ער איז, פאַרגעסט ער פונדעסטוועגען ניט צו פאַר־טיידיגען זיין פאָלק אויך אויף אַן אַנדער וועג. „נקמה נעמען", זאָגט ער, „איז ניט אונזער מדה, דאָס איז ניט קיין אידישע מדה, דאָס האָבען מיר געלערענט פון אַנדערע".

ווען ער דערוויסט זיך, אַז זיין טאָכטער איז אַנטלאָפען מיט אַ קריסט, אַז זי האָט מיטגענומען אַ שקאַטולקע מיט טייערע חפצים, ווערט ער שעור משוגע פון צער. ער טרייסט זיך ערשט, ווען ער דערהערט, אַז אַנטאָניאָ'ס שיפען זיינען אונטערגעגאַנגען. „גוטע נייעס, גוטע נייעס, אַ דאַנק גאָט, אַ דאַנק דיר, טובאַיל", זאָגט ער צו זיין פריינד, וואָס ברענגט איהם די נייעס.

4

אַנטאָניאָ'ס שיפען זיינען אונטערגעגאַנגען; אַנטאָניאָ האָט פאַרלוירען זיין פאַרמעגען; ער וועט דעם וועקסעל צום טער־מין ניט אויסלייזען.

אמת, שיילאָק וועט פאַרלירען אַ גרויסע סומע געלט, אָבער ענדליך וועט ער זיך נוקם זיין כאָטש אין איינעם פון זיין פאָלק'ס שונאים.

נאָר ווען עס קומט דערצו, ווייזט זיך ערשט אַרויס שיי־לאָק'ס גאַנצע טראַגעדיע.

און דאָ זעהען מיר ווידער די געניאַלע קראַפט פון שעקס־פיר — צו מאָלען, ניט דעם איינציגען אידען, נאָר די ליי־דען פון דעם גאַנצען פאָלק. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די מעג־ליכקייט צו נעמען נקמה ליגט ניט אין שיילאָק'ן, נאָר אין די הענט פון זיינע שונאים. עס איז ניט זיין כוח, אדער דער כוח פון זיין פאָלק, אויף וועלכען ער שטיצט זיך, עס איז דאָס גע־זעץ פון ווענעדיג, דאָס קריסטליכע געזעץ, וואָס ניט איהם כלומרשט די מאַכט דערצו. ער האָט געפאַנגען דעם שונא אין זיין איינענער נעץ, אַזוי דענקט ער.

שטאַלץ קומט שיילאָק אריין אין דעם געריכטס־הויז. ער איז זיכער מיט זיין נצחון, דאָס געזעץ איז אויף זיין זייט. אויף דער פראַגע, פאַרוואָס ער באַשטעהט אויף דעם פונט פלייש — זאָגט ער, איז ער ניט מחויב צו ענטפערן. אזוי וויל ער. עס איז זיין רעכט.

זיין נצחון דויערט ניט לאַנג.

פון איין זייט קומט אריין אַנטאָניאָ, ארומגערינגעלט מיט פריינד פון אַלע זייטען, און אַלע זיינען באַרייט איהם צו העלפען. דער דיוק אַליין שטעלט זיך איין פאַר איהם, און בעט רחמים ביי שיילאָק'ן; באַסניאָ שטעהט גרייט מיט אַ גרויסען בייטעל געלט איבערצוקויפען דעם אידען, דריי מאָל אזוי פיל, זעקס מאָל אזוי פיל, אין געלט אין קיין מניעה ניט; פּאָרשאַ איז עקסטראַ געקומען צעלויפען, געפעלשט פּאַפּירען, זיך פאַרגעשטעלט פאַר אַ ריכטער, אבי צו העלפען אַנטאָניאָ'ן; סאַלאַרינאָ, סאַלאַניאָ, גראַציאַנאָ, די חברה וואָס האָבען גע־האָלפען ארויס־גנב'ענען שיילאָק'ס טאָכטער מיט אַ טייערע שקאַטולקע, זיינען אויך דאָ צו העלפען מיט אַ גוט וואָרט, אויב עס וועט נויטיג זיין. קורץ: אַלע זיינען גרייט צו העלפען אַנטאָניאָ'ן.

פון דער צווייטער זייט, קומט אריין שיילאָק. איינער אַליין, עלענד ווי אַ שטיין, אָן אַ פאַרטיידיגער, אָן אַ פריינד, אָן אַ קרוב, אָן אַ גואל, אָן זיין איינציגער טאָכטער אפילו. דאָס איינציגע וואָס ער האָט אויף זיין זייט, איז דאָס געזעץ, דאָס געזעץ פון זיינע שונאים, ער נוצט דאָס אויס זעהר נעשיקט. העלפען, העלפט דאָס אָבער ניט.

„ווי קאָנסט דו האָפען אויף גנאָד, ווען דו ביסט קיינער", פרעגט דער דיוק שיילאָק'ן. ער ענטפערט:

„פאַר וואָסער משפט זאָל איך זיך שרעקען, טוענדיג
קיין שלעכטס?

איהר האָט ביי זיך מעהר ווי איין געקויפטען שקלאַף,
וועלכע,

גלייך מיט אייערע עזלען און הינט און מויל־עזלען, איהר
באַנוצט צו נידעריגע און שקלאַפישע ארבייט, ווייל איהר
האָט זיי געקויפט — זאָל איך זאָגען צו אייך: לאָזט זיי

פריי, מאכט זיי חתונה מיט אייערע יורשים; — ווארום
זיי לאָזען שוויצען אונטער די משאות? — זאָלען
זייערע בעטען
זיין געמאכט אזוי ווייך ווי אייערע, און זאָל זייער גומען
ווערען באַ'טעמ'ט מיט גוטע מאכלים? איהר וועט
ענטפערן:
די שקלאפען זיינען אונזערע! אזוי ענטפער איך
אייך: דאס
פונט פלייש, וואס איך פארלאנג פון איהם, האב איך
טייער
געקויפט; ס'איז מיין און איך פאדער עס. אויב איהר
ענטזאגט דאס מיר, אז אך און וועה צו אייערע גע־
זעצען; עס איז נים
דאָ קיין קראפט אין די געזעצען פון וועגעדיג. איך
פארלאנג א
פסק דין! ענטפערט, וועל איך קריגען?"

פונקט דאָ קומט אריין דער פאלשער ריכטער פארשא, וועלכער איז געקומען לכתחילה מיט דעם באשלוס שיילאָק'ן צו פאר'משפט'ן. אבער וואס טוט מען? דאס געזעץ איז קלאָר אויף שיילאָק'ס זייט, און דאס געזעץ מוז אפגעהיט ווערען, נים צוליב דעם אידען, צוליב איהם וואלט מען עס לייכט געקאנט פארבויגען, אבער די רעפוטאציע פון וועגעדיג קאָן ליידען. די פרעמדע סוחרים וועלען מורא האבען זיך צו פאר־טרויען, און נים קומען האנדלען, ווען זיי וועלען הערען, אז די געזעצען ווערען נים אפגעהיט. און דער „קלוגער און גערעכ־טער ריכטער", ווי דער קורצזיכטיגער שיילאָק רופט אויס, געפינט א וועג, פריהער, נאטירליך, דורך מוסר.

„דער איד מוז זיין בארעמהערציג", זאגט דער ריכטער, נאכדעם, ווי ער האט כלומר'שט אויסגעהערט די טענות.

„דורך וועלכען צוואנג מוז איך, זאגט מיר"? ענטפערט שיילאָק מיט א פראגע.

דער פאלשער ריכטער האלט דאן זיין בארימטע רעדע וועגען גנאָד. ער זאגט:

די קוואליטעט פון גנאד איז ניט איינגעצאמט,
עס טריפט, ווי א מילדער רעגען פון הימעל
אראפ אויף דר'ערד; ס'איז צוויי מאל געבענשט;
ס'איז געבענשט דער, וואס גיט, און דער, וואס נעמט;
ס'איז מעכטיגער אין די מעכטיגסטע; ס'פאסט
דעם מאנארך אויף דעם טראן בעסער ווי זיין קרוין;
זיין סצעפטער צייגט די שטארקייט פון ערדישער מאכט,
דער אטריבוט פון מורא און מאיעסטעט,
וואס אין איהם זיצט די שרעק און מורא פאר'ן מלכות,
אבער גנאד איז העכער פון דעם סצעפטער:
עס הערשט אין די הערצער פון מלכים,
עס איז אן אטריבוט פון גאט אליין...
און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער.

דאס שענע רעדע העלפט ניט. צו טיף איז דער האס איינגעווארצעלט אין שיילאק'ס הארץ; צו טיף פיהלט ער דעם וועהטאג. ער ענטפערט:

„מיינע מעשים אויף מיין קאפ. איך פאדער דאס גע־זעץ". אבער דער ריכטער האט באשלאסען דער איד זאל ניט געווינען. ער פארגעסט באלד זיין גרויסע רעדע וועגען גנאד, וואס

„עס טריפט ווי א מילדער רעגען פון הימעל,
וואס עס הערשט אין די הערצער פון מלכים
און איז אן אטריבוט פון גאט אליין".

„דער איד פארלאנגט גערעכטיגקייט, און ער זאל קריגען נאר גערעכטיגקייט, נאך מעהר ווי ער פארלאנגט", זאגט ער מיט א טייוועלשען ציניזם. און מיט גאט, גנאד און גערעכ־טיגקייט אויף זיינע ליפען, און שנאה און פאלשקייט אין זיין הארץ, מאכט דער ריכטער א שווינדעל אויפ'ן שטעל; א ריי־נעם און אפענעם שווינדעל. לויט דעם שווינדעל קומט אויס, אז דאס געזעץ ווערט אפגעהיט אויף אזא אופן, אז ניט נאר קאן שיילאק ניט קריגען דאס פונט פלייש, ניט נאר ער קאן ניט באקומען קיין פראצענט, ני טנאר קאן ער ניט קריגען זיין־קערן, נאר זיין גאנץ איבעריגע פארמעגען ווערט קאנפיסקירט, א העלפט פון איהם געהערט צו דער מלוכה, די אנדערע העלפט

צו זיין גוטען פריינד, דעם בעל רחמנות אנטאָניאָ, זיין לעבען קאָן ער נאָר דערהאַלטען, ווען דער דיוק וועט עס איהם שענ־קען. „שטעל זיך אויף די קני און בעט רחמים ביי דעם דיוק", ענדיגט דער ריכטער זיין רעדע.

אט דאָס איז דאָס געזעץ, אויף וועלכען שיילאָק האָט זיך געשטיצט, אויף וועלכען ער האָט געהאָפט און איז געוועזען אזוי שטאָלץ. אט דאָס איז זיין מאַכט!

קאָן נאָך זיין א גרעסערע טראַגעדיע? איז דאָס ניט די טראַגעדיע פון אַלע אידען, אין אַלע צייטען און אין אַלע לענ־דער?

וואָס איז מיט די באַרעמהאַרציגקייט? די גנאָד, וואָס „ספּאַסט דעם מאָנאַרך אויף זיין טראָן בעסער, ווי זיין קרוין"?

די גנאָד האָט שעקספּיר ניט פאַרגעסען.

גראַציאַנאָ, אַנטאָניאָ'ס פריינד, מאַכט דעם ריכטיגען פּירוש. נאָכדעם, ווי דער ריכטער ענדיגט זיין רעדע, שרייט גראַציאַנאָ אויס מיט גרויס פרייד און שפּאָט:

בעט מען זאָל דיר דערלויבען אליין זיך צו הענגען:
און דאָך אזוי ווי דיין פאַרמעגען איז קאָנפיסקירט פון דער
מלוכה, און דיר איז ניט געבליבען מיט וואָס צו קויפען
א שטריק.
דעריבער מוז מען דיר הענגען אויפ'ן חשבון פון מלוכה".

דערפאַר איז דער דיוק, ווי אַן אמת'ער קריסט, זעהר גנעד־יג: ער שענקט שיילאָק'ן דאָס לעבען, נאָר איידער ער בעט עס.

דאַרויף ענטפערט שיילאָק גאַנץ ריכטיג:
„ניין, נעמט מיין לעבען און אַלץ; שענקט מיר דאָס ניט,
איהר נעמט מיין הויז, ווען איהר נעמט דעם פונדאַמענט,
וואָס שפּאַרט אונטער מיין הויז; איהר נעמט מיין לעבען,
ווען איהר נעמט די מיטלען, פון וועלכע איך לעב".

באַסאַניאָ אָהן געלט קאָן האָפען אויף א רייכער כלה; אַנטאָניאָ קאָן ערוואַרטען הילף פון זיינע פריינד, וואָס זיינען רייך, פריי און אַלמעכטיג; האָט ער ניט קיין פריינד, העלפט איהם די מלוכה; שיילאָק אָן געלט איז אומבאַהאָלפען. ער

איז אויסגעשלאסען פון אלע פראפעסיעס, איהם איז פארבא־
טען צו נעמען אן אנטייל אין דעם אינדוסטריעלען לעבען פון
לאנד. געלט איז דאס איינציגע מיטעל, וואס גיט איהם די
מעגליכקייט צום לעבען. נעמט ביי איהם צו זיין געלט און
איהר נעמט אוועק דעם פונדאמענט, וואס שפארט אונטער
זיין הויז".

ווי מיר ווייסען שוין פון דעם „גוטען און קלוגען ריכטער",
איז אין ווענעדיג געווען א געזעץ, ווען א פרעמדער זוכט דעם
טויט פון א בירגער, ד. ה. ווען א איד זוכט דעם טויט פון
א קריסט, ווערט זיין פארמעגען קאנפיסקירט. איין העלפט
דערפון געהט איבער צו דער מלוכה, און די אנדערע — צו
דעם, וועמעס לעבען דער איד האט געזוכט צו נעמען, זיין איי־
גען לעבען קאן ער נאר דערהאלטען, ווען דער דיוק שענקט
עס איהם. דער ליבער, גוטהארציגער, פאטריאטישער און
קריסטליכער אנטאניא שטעלט זיך דערפאר איין פאר דעם
אידען, וואס האט געלויערט אויף זיין לעבען. ער בעט ביי
דיוק רחמים פאר דעם אידען, וואס האט איהם געזוכט אומצו־
ברענגען. ער בעט, דער דיוק זאל שיילאק'ן מוחל זיין די
העלפט, וואס די מלוכה דארף נעמען. די אנדערע העלפט,
די וואס ער, אנטאניא דארף קריגען, דאס זאל מען איהם גע־
בען — ניט אויף אייביג, נאר ביז שיילאק וועט שטארבען.
נאך שיילאק'ס טויט, זאגט ער, זאל עס איבערגעהן צו שיי־
לאק'ס געליבטען איידעם, צו דעם דזשענטעלמען, וואס האט
ביי איהם ארויסגע'גנב'עט א שקאטולקע צירונג צוזאמען מיט
זיין טאכטער. פאר אט די אלע חסדים, פארלאנגט אנטאניא
פון שיילאק'ן נאר א קלייניגקייט: ער פארלאנגט נאר, שיי־
לאק זאל זיך, ערשטענס, שמד'ן, און, צווייטענס, זאל ער אויפ'ן
שטעל אפשרייבען זיין גאנץ פארמעגען דעם איידעם, וואס
האט איהם פארביטערט זיין גאנץ לעבען.

איך ווייס ניט, ווער עס דארף זיך פאר וועמען שעמען?
מיר פאר שיילאק'ן, צי זיי פאר אנטאניא?

דאס וואס שיילאק האט פארלאנגט א פונט פלייש, דאס
איז געווען געזעצליך. דאס געזעץ האט ער פון זיין קאפ ניט
אויסגעקלערט. עס איז געווען דאס עקזיסטירענדע געזעץ, גע־

מאכט פון קריסטליכע בירגער פאר אנדערע קריסטליכע ביר־נער. ווען אזא געזעץ האט עקזיסטירט, האבען זיך מן הסתם אנדערע, פאר איהם, דערמיט באנוצט, נים מעהר קיינער האט קיין ווענען דערפון נים געמאכט. א לארעם איז געווארען, די גרויסע רעדע ווענען נגאר איז געהאלטען געווארען נאר דאן, ווען א איד האט געוואלט דאס געזעץ באנוצען פאר זיך.

אנטאניא איז א גרויסער בעל טובה און א גרויסער בעל רחמים. ער וויל נים קיין פונט פלייש. צו וואס טויג עם איהם? ער האט נים קיין נקמה צו זעטינען, ער וויל אבער דעם גאנ־צען גוף, מים דעם ביסעל איינגעם, מים דער נשמה, מים אלץ מים אנאנדער.

נים שיילאָקס אכזריות און אנטאניא'ס מענשענליבע האט אונז שעקספיר געוויזען, נאר פונקט פאַרקערט: שיי־לאָק'ס ליידען, און אנטאניא'ס פאלשקייט און רשעות. שיי־לאָק און אנטאניא זיינען ביידע נים קיין לעבעדיגע מענשען, זיי רעפּרעזענטירען צוויי אידעען: דאס אידישע ליידען און די קריסטליכע ליבע. דאס וויכטיגסטע אין דעם גאנצען ענין איז, וואס די זאך, ווי זי ווערט דא געשילדערט, איז היסטאריש ריכטיג.

די גאנצע אידישע היסטאריע באווייזט דאס שיילאָק האט דעם פונט פלייש נים באקומען, ער האט עס נאר גע־וואלט, און דאס בלויזע ווילען, האט איהם טייער געקאסט. אנטאניא האט דאס זייניגע באקומען.

אויף אלע געמיינהייטען און מיאוס'ע מעשים פון די בעל־רחמנות'דינע ריכטער, ענטפערט שיילאָק שטיל: איך בין צו־פרידען!

ער בעט זיך נאר, מען זאל איהם לאזען אהיים געהן, ווייל ער איז קראַנק.

וואס האט ער געקאנט זאגען, דער אומגליקליכער? וואס קאן א מענש זאגען, ווען ער דערפילט מיט אמאל זיין גאנצע הילפלאזיגקייט? וואס קאן ער זאגען, ווען ער געפינט זיך אין דער געוואלט פון זיינע שונאים, וועלכע זיינען מעכטיג, וואס צו אלע זייערע געמיינהייטען, לאכען זיי נאך און שפּאַ־טען פון איהם מיט א טייוועלשען גיהנום־געלעכטער?

אין דעם „קויפמאן פון ווענעדיג“ שיסט זיך קיינער נים, און קיינער סמ'ט זיך נים, אבער דאס איז די שטארקסטע פון אלע שעקספיר'ס טראגעדיעס. עס איז די טראגעדיע פון דעם איד שיילאק. עס איז די טראגעדיע פון דעם אידישען פאלק אין אלע דורות און אלע לענדער: געיאגט און געפלאגט, באַרויבט, אויסגעלאכט און... באשולדיגט אין די פארברעכען, נים וואס ער איז באגאנגען, נאר וואס מען איז קעגען איהם באגאנגען...

# יצחק ליבוש פרץ

(אַ אָפּשאַצונג.)

צוליב פאַרשידענע אומשטאַנדען, האָב איך צו יענער צייט זיך געמוזט געצוואונגען צו רעזיגנירען פון דער „צוקונפט“ רעדאַקציע, און אויך פון ווייטערער מיטאַרבייטערשאַפט. די פאָרטזעצונג פון דיזער אַרבייט איז אַזוי אַרום אָפּגעהאַקט געוואָרען. אויפסניי זיך אַריינצולעבען אין יענעם געדאַנקענגאַנג, איז מיר איצט אוממעגליך. איך האַלט פונדעסטוועגען ניט פאַר איבעריג דיזען אַרטיקעל דאָ צו פאַרעפענטליכען ווי ער איז, ניט פאַרענדיגטערהייט.

דורך אַ גליקליכען איינפאַל און צופאַל איז די „צוקונפט“ אימשטאַנד צו געבען איהרע לעזער די שריפטען פון י. ל. פרץ כמעט אומזיסט.

דיזע געלעגענהייט ווילען מיר באַנוצען צו מאַכען עטליכע באַמערקונגען איבער אונזער גרויסען דיכטער. מיר פּרעטענ־דירען אויף קיין פאַל ניט צו זאָגען אַלעס וואָס איז דאָ צו זאָגען, מיר האָפען נאָר צו געבען אונזערע לעזער אַ שטיקעל באַגריף פון דעם שרייבער, אויף וועלכען מיר האָבען אַלע אַ רעכט צו זיין שטאָלץ.

* * *

וואָס איינער זאָל ניט דענקען וועגען די אומצעליגע פּאַר־טייען, וואָס זענען די לעצטע צייטען אויפגעשטאַנען צווישען די

---

*) ערשינען אין דער „צוקונפט“, מאַי, 1907.

דיזע אַרבייט איז לכתחילה געווען באַרעכענט אויף אַ ברייטע שטודיע איבער פרץ'ץ גאַנצע ליטעראַרישע טעטיגקייט, און פאַרבינ־דונג מיט דער ווידעראויפלעבונג פון דעם אידישען פאָלק נאָך דעם ערשטען השכלה פּעריאָד.

אידען אין רוסלאנד; וואס איינער זאל ניט האלטען פון די אלע טעאריעס, פשט׳לעך, דריידלעך און סכסוכים פון די פאר־טייען און צווישען די פארטייען; וואס עס זאל ניט זיין דער סוף פון אלע דיזע פארטייען, טעאריעס און פשט׳לעך: צי אי־דען אין רוסלאנד וועלען באקומען גלייכבארעכטיגונג, ווי די „דערגרייכער" ווילען עס האבען; צי זיי וועלען ניט רוהען ביז עס וועט ווערען איינגעפירט „קולטורעלע אויטאנאמי", צו וועל־כען דער „בונד" שטרעבט, אדער זיי וועלען נאך גהען ווייטער און וועלען אלע אין איין קול פארלאנגען אן אייגענעם „סיים", ווי די אידישע סאציאליסטישע פארטיי מיינט; צי זיי וועלען זיך דערשלאגען צו א טשארטער אין פאלעסטינא אויף דעם אופן פון די פשוט׳ע ציוניסטען, אדער דאס לאנד וועט ווערען אויפ־געבויט אויף „נייע סאציאלע יסודות", ווי די „פועלי ציון" רע־דען זיך איין; צי עס וועט זיי געלינגען צו געפינען א טעריטאָ־ריע, ווייל די אידען מוזען האבען אן אייגען לאנד, ווי די יט"א באהויפטעט, אבער דאס לאנד וועט זיך אפזוכען, ווייל די עקא־נאמישע אומשטאנדען פירען דערצו, און ווייל אהן א טעריטאָ־ריע קאנען די אידען ניט פירען קיין קלאסענקאמף על פי תורת קארל מארקס, ווי די ס. פ. פשט׳לען אויס; צי זיי וועלען זיך פארמישען מיט די פאלאקען נאך דעם פראגראם פון די פ. פ. ס., אדער זיי וועלען פאלגען די רוסישע סאציאלדעמאקראטען; מיט איין ווארט: וואס׳ער מיינונג איינער זאל ניט האבען פון דיזען דור הפלגה פון פארטייען און טעאריעס, און וואס דער סוף פון דיזען דור הפלגה זאל ניט זיין — איין זאך איז זיכער: דאס אידישע פאלק איז אין איהר רענעסאנס, אין איהר ווידער־ערוואכונג.

דאס פאלק איז אויפגעשטאנען תחית המתים!

עס שטעהט נאך ניט פעסט אויף די פיס, אייניגע האבען נאך ניט אראפגעווארפען די תכריכים, אנדערע האבען נאך ניט אפגעטרייסעלט די ערד פון די אויגען; ביי א טייל שלעפט זיך נאך נאך דאס זעקעל ארץ ישראל ערד, אן אנדער טייל קאן ניט אויפהייבען דעם קאפ צוליב די אלטע, שווערע מצבות, וואס לי־גען אויף זיי ווי א שווערע משא; מאנכע זענען נאך שוואך פון די פרעניות, וואס זיי האבען געהאט אויסצושטעהן! אנ־

דערע ווידער האָבען אראָפּגעבלאָזשעט פון וועג. מען קאָן אָבער ניט לייקענען, אז זיי האָבען אלע גענומען לעבען. דאָס טאפּען אין דער פינסטער, דאָס זוכען, דאָס שטופּען, דאָס יאָגען און וועלען אריבעריאָגען, דאָס כאפּען און וועלען פארכאפּען, דאָס לויפען און וועלען פארלויפען — דאָס אלץ איז א צייכען פון א ניי לעבען, א לעבען וואָס איז נאָך אומבאוואוסט, וואָס האָט נאָך ניט אָנגענומען קיין באשטימטע פאָרמע, וואָס מוז זיך ערשט אנטוויקלען, וואָס איז פונדעסטוועגען א טעטיג לע־בען. ביי דעם צינישען צושויער מעג עס אויסקומען קאָמיש, ביי דעם סימפּאטישען — טראַגיש, ביי דעם קלוגען — נאריש און ביי דעם פּראקטישען — נוצלאָז, קיינער קאָן אָבער ניט פארלייקענען דעם פאקט פון א טעטיגען, קאָכיגען און רוישיגען לעבען. און וואָס פון דעם זאָל ניט ארויסקומען, — קיין פאָלק לעבט ניט איבער אזא פעריאָדע אומזיסט.

ווען מיר נעמען זוכען דעם אָנפאנג פון דיזען נייעם לע־בען, מוזען מיר זיך אָפּשטעלען אויף דעם יאָר 1881. דיזעס יאָר איז דאָס געבורטסיאָר פון דעם נייעם אידען. אין דעם יאָר הייבט זיך אָן זיין ווידעראויפלעבונג.

אין דער צייט פון אלעקסאנדער דעם צווייטענס הער־שאפט, האָט דאָס אידישע פאָלק, יעדענפאלס דער גרעסטער טייל פון דעם אידישען פאָלק, געהאָפט און געוואַרט אויף די חסדים פון דעם מלך חסד, דעם צאר־באפרייער. די גייסטיגע טעטיגקייט פון דעם פאָלק האָט זיך דאדורך אויסגעדריקט אין דעם זוכען צו געפעלען. אום צו קריגע חסדים דארף מען נושא חן זיין, דארף מען אויסנעמען. און אויסנעמען קאָן מען נאָר, ווע מען טוט וואָס יענער טוט; ווען מען טוט וואָס יענער וויל — ווען מען טוט יענעם נאָך. די אסימילאציאָנס באוועגונג פאלט דאדורך צוזאמען מיט דער הערשאפט פון אלעקסאנדער דעם צווייטען. די גאנצע אידישע ליטעראטור פון יענער צייט, די העברעאישע ווי די אידישע, קאָן אויסגעדריקט ווערען אין די ווערטער: אָפּלאכען און מוסר זאָגען! מען האָט אָפּגעלאכט פון די מנהגים, פון דער פירונג, פון דעם ערב פסח, פון דעם פּוי־לישען אינגעל, פון דעם קליינשטעטעלדיגען, פון דעם חסיד, פון אלעם מיטאנאנדער, און מען האָט געזאָגט מוסר דעם בעל

טאקסע, דעם פּראַצענטניק, דעם מתנגד'ישען רב, דעם חסיד'י־שען רבי'ן, דעם מלמד, דעם מעקלער און יעדען אַנדערען אידען, זיי זאָלען זיך למען השם שענער אויפפירען, זיי זאָלען ווערען מענשען כדי צו געפעלען די שכנים.

די באָמבע, וואָס האָט אין דעם יאָר 1881 געשיקט אלעק־סאנדער דעם צווייטען אויף דעם עולם האמת האָט שטארק גע־ראניעט די אידישע האָפנונג, און האָט געמאכט א טעל פון דער אסימילאציאָנס באוועגונג און די חוזק־ און מוסר־ליטעראטור. מיט דער הערשאפט פון אלעקסאנדער דעם דריטען הייבט זיך אָן א נייע פעריאָדע פון רעאקציע און אונטערדריקונג אין רוסלאנד, פון וועלכע די אידען האָבען געליטען מער פון אלע אנדערע טיילען פון דער באפעלקערונג. די פּאָגראָמען פון 1881 די „צייטווייליגע געזעצען" פון 1882, די קליינע און גרויסע אונטערדריקונגען וואָס האָבען זיך געמעהרט פון טאָג צו טאָג, האָבען דעם אידען אויפגעוועקט פון זיין חלום און האָבען איהם געצוואונגען זיך נאָך אמאָל צו פארטראכטען איבער זיין לאגע. די אנטוויקלונג פון דער אינדוסטרי, וועלכע האָט פאר דערזעל־בער צייט געמאכט גרויסען פּאָרטשריט, האָט באשאפען א נייעם, ביז דאן ניט באקאנטען, עלעמענט צווישען די אידען, אן עלעמענט פון פּראָלעטאריער. צענדליגע טויזענטער אידישע יונגע לייט זענען, צום טראָץ פון די טעאָריעס פון די ס. ס., גע־וואָרען פאבריק־ארבייטער, ביז דאן עטוואָס אומערהערטעס ביי אידען. פון דער צווייטער זייט האָבען דיזע אונטערדרי־קונגען ארויסגערופען א גרויסע עמיגראציע, וועלכע האָט פון איהר זייט אויפגעבויט א אידישע קהלה אין אמעריקא מיט א מעכטיגען איינפלוס אויף די אידען אין רוסלאנד.*)

דאָס לעבען אין רוסלאנד פאר דיזער צייט: די אנטוויק־

---

*) עס וואָלט זיך געלוינט די ארבייט צו מאכען אן אונטער־זוכונג וועגען דעם איינפלוס פון די אַמעריקאַנער אידען אויף דעם לעבען פון די אידען אין רוסלאַנד בכלל און אויף דער רעוואָלוציאָן בפרט, סיי אין פּראָפּאגאנדא ליטעראטור, סיי אין געלט זאַכען, סיי אין העלפען באשאפען אן אויסלענדישע עפענטליבע מיינונג צו גונסטען פון די רוסישע אידען.

לונג פון קאפיטאליזם, און מיט דעם קאפיטאליזם — די רע־וואָלוציאָנערע באוועגונג פון די גאראָרניקעס, וועלכע איז ענד־ליך איבערגעגאנגען אין א מאסאָווע ארבייטער־באוועגונג, אום ראן זיך צו פארוואנדלען אין אן אָפענע רעוואָלוציע געגען דער זעלבסטהערשאפט, האָט ניט פארפעלט איהר איינפלוס אויף דעם אידישען לעבען אין רוסלאנד, און אלס רעזולטאט האָבען מיר די ־נאציאָנאליסטישע און סאָציאליסטישע, נאציאָנאל־סאָציאליסטישע און סאָציאל־נאציאָנאליסטישע באוועגונגען. ווען מיר געהען א טריט ווייטער געפינען מיר א מערקווירדיגען פאראלעל צו דיזער באוועגונג אין דער אידישער ליטעראטור. דאָס יאָהר 1881 מישט אויף א ניי בלאט אין דער אידישער לי־טעראטור. די אָפלאך־ און מוסר־ליטעראטור האָט ארויסגע־זאָגט איהר לעצטעס וואָרט. לינעצקי'ס „פוילישע איינגעל"; שאצקעס „אידישער פאר פסח"; אבראמאָוויטשעס „קליאטשע" און זיינע איבריגע ווערק זענען שוין געהאט געוועזן געשריבען. און קיין נייעס, און קיין וויכטיגעס האָט דיזע ליטעראטור ניט מער באשאפען.

אין דעם יאָר 1881 ערשיינט צום ערשטען מאָל צעדער־בוים'ס „פאָלקסבלאט". א יאָר שפעטער, 1882, ווערט ארויס־געגעבען דר. פינסקער'ס „אויטאָ־עמאנציפאציאָן" זעלבסט־באפרייאונג); 1883 באווייזען זיך שלום עליכם און ספעקטאָר. ארום 1881 הייבט זיך אויף אָן די טעטיגקייט פון י. ל. פרץ. אין דיזער נייער ליטעראטור האלט זיך שלום עליכם נאָך פיל ביי דעם אלטען שטייגער, אָבער די גאנצע ליטעראטור האָט אָנגענומען אן אנדער כאראקטער. מען האָט אָנגעהויבען צו זוכען דעם פאָלק'ס נשמה, מען האָט אויפגעהערט צו לאכען, מען האָט אויפגעהערט מוסר זאָגען, און מען האָט אָנגעהויבען מאָלען דאָס פאָלק ווי עס איז, מיט זיינע מעלות און חסרונות, מיט זיינע ליידען און פריידען, מיט זיינע באדערפנישען און שטרעבען. עס איז געבוירען געוואָרען די אידישע נאָס אין דער ליטעראטור. און פון דיזער נייער ליטעראטור איז י. ל. פרץ ניט נאָר דער אומאיבערטראָפענער, ער איז ביז היינטיגען טאָג דער אומפארגלייכליכסטער. י. ל. פרץ שטעהט אין אונ־זער ליטעראטור ווי א טיטאן, ווי א געוואלדיגער ריז, צו וועל־

כען אלע מוזען פאררייסען די קעפּ. דאָס איז אָהן צווייפעל די אורזאך, וואָס פילע, וואָס האלטען די אויגען צו דר'ערד, האָבען איהם נאָך ניט דערזעהן. דאָס איז די אורזאך, וואָס דער גרויסער עולם קען איהם אייגענטליך נאָך גאנץ וועניג. עס האָט מיר וועה געטאָן, ווען איך האָב ניט לאנג צוריק, אין א געשפּרעך מיט אן אינטעליגענטען אידען, וואָס איז נאָך ניט א יאָר פון רוסלאנד, אויסגעפונען, אז ער האָט נאָך קיין מאָל ניט געהערט פון פּרץ'ן. עס נעמט לאנג ביז די מענשעלעך מיט די אראָפּגעלאָזענע אויגען דערזעהען די ריזען.

מען האלט געוויינליך מענדעלי מוכר ספרים פאר דעם טיפּיש־אידישען קלאסיקער, פאר דעם גרעסטען אין אונזער ליטעראטור. מיט דער גאנצע עהרע און אכטונג, וואָס איך טראָג אין מיין הארץ צו דעם גרייז פון אונזער ליטעראטור, וויל איך דאָס פארניינען. דיזע קרוין געהערט אויף דעם קאָפּ פון י. ל. פּרץ. מענדעלי מוכר ספרים באלאנגט צו דער ליטעראטור פון פאר 1881. זיינע ארבייטען באלאנגען צו דער שולע פון אָפּ־לאכען און מוסר־זאָגען. אמת, ער האָט עס געטאָן בעסער, טיע־פער, סימפּאטישער און ערנסטער פון די אנדערע, דאָס שטעלט איהם אָבער נאָר אָן דער שפּיץ פון דיזער ליטעראטור, עס נעמט איהם אָבער אין קיין פאל ניט ארויס פון איהר. מענדעלי כאפּט זיך אָפּט אראָפּ קיין גלופּסק, גנילעיאדעווקע און טונעיאדעווקע, איהם טוט וויי דאָס הארץ פון דער בלאָטע, שמוץ, אומקרויט, לעבלאָזיגקייט, הונגער און ליידען וואָס ער געפינט דאָרט, ער זעהט אָבער די אלע זאכען זיצענדיג אויף דער קעלנע. אראָפּ־געהן פון איהר געהט ער נאָר ווען די רעדער שניידען זיך איין אין א צו טיפע בלאָטע, אָדער ווען ער קומט צו א גרויסען בארג און די קליאטשע וויל זיך ניט רירען. די איבריגע צייט זיצט ער אויף זיין ביידעל און פילאָזאָפירט, און לאכט און זאָגט מוסר און זאָגט משלים און רמזים... שלום עליכם באלאנגט צו דער נייער פּעריאָדע, און פארנעמט אין איהר א גרויסען פּלאץ, אָבער, אלס נאָכאמער פון דעם „זיידען מענדעלי", טוט ער די־זעלבע זאך וואָס דער זיידע האָט געטאָן. אמת, אביסעל מער מאָדערנע, פאר דאָס אויך אויבערפלעכליכער. שלום עליכם, ווי עס שיינט, האָט נאָך ביז היינטיגען טאָג, ביז זיין לעצטען ראָ־

מאן, וואָס ער פארעפענטליכט איצט אין א גיו יאָרקער טעג־ליכער צייטונג, גיט אויפנעהערט צו שרייבען „שמר׳ס משפט“.

י. ל. פרץ קאָן לאכען אזוי גוט ווי די אלטע, קאָן זאָגען משלים און רמזים בעסער פון די אלטע, ער האָט זיך אָבער ביי דיזען ניט אָפּגעשטעלט. אויך ער איז געגאנגען קיין „גלופּסק“, אויך ער האָט פארוויילט אין „טונעיאדעווקע“, אָבער ער איז אהין געגאנגען מיט אַן אנדער ציל, ער איז געגאנגען אהין ניט מעסטען די בלאָטע, ער איז געגאנגען זוכען א נשמה אין דיזער בלאָטע. און וואָסער גרויסארטיגע נשמה האָט ער דאָרט אויס־געפונען! וואו זענען געווען די אויגען פון די אנדערע שריי־בער? זיי האָבען זיך דאָך געדרייעט אין „גלופּסק“, זיי האָבען דאָך זיך געגראבעלט אין יענער בלאָטע, ווי האָבען זיי געקאָנט פארזעהן דיזע נשמה?...

י. ל. פרץ לאכט ניט, ער זאָגט ניט קיין מוסר, דאָס לאכען און דער מוסר קומט ארויס פון זיך זעלבסט, כלאחר יד; מיט זיין שפּיציגער פעדער קריכט ער אריין אין די טיפסטע ווינ־קעלעך פון דער נשמה — פון דער אידישער נשמה — און די סודות וואָס ער שלעפּט פון דאָרט ארויס זענען ערפרישענד און סימפּאטיש, זענען אָפט קאָמיש, זענען נאָך אָפטער טראגיש, און מיר שמייכלען, און מיר באַדויערען און מיר האסען, און מיר ליבען און באוואונדערען. אַנשטאָט צו משפט׳ן שמר׳ן, ווי „שלום עליכם“ האָט עס געטאָן, וועלכעס איז אגב אורחא זיין גרויס פארדינסט, דעקט פרץ פאר אונז אויף די נשמה פון שמר׳ס „א לעזערין“. אין זעקס און צוואנציג געדרוקטע שורות האָט ער עס געמאכט. און דער שלום? גאנצע בענדער וואָלט אַן אנדערער דארויף פארברויכט.

פרייטאָג צו נאַכט!

אין׳ם שטיבעל איז שרעקליך שוויחל, אין ד׳ אמות שלאָ־פען זיעבען נפשות.

דער אַלטער וואסער־טרעגער האָט נישט געהאט: נישט קיין פליויש, נישט קיין פיש, נישט קיין בראנפען, נישט קיין חלה. ער האָט קידוש געמאַכט איבער ברויט. עס איז קוים צוויי גראָשענע בענשליכט געבליבען. ער האָט אפילו קיין פריש העמד נישט באקומען.

איין עונג שבת איז איהם געבליבען: אויסשלאָפען זיך פאר א גאַנצע וואָך.

אז צו עסען איז ניטאָ וואָס, מיד און אָנגעהארעוועט איז מען, געהט מען שלאָפען. און די גאנצע משפחה האָט זיך באַציטענס געלייגט שלאָפען.

פון די בענש־ליכט צאַנקט נאָך איינס און פון די שטוב נפשות איז נאָך איינע וואך.

די עלטסטע טאָכטער.

די צופלאָסענע האָר זייגען רויט, דאָס פנים — געל; געענהרט פון קארטאָפעל גישט צו דער זאט.

אין די אויגען דאָך ברענט; די איינגעפאלענע ברוסט הויבט זיך און פאלט. די דארע הענד ציטערען...

זי לעזט ביים צאַנקעדיגען ליכט שמר'ס א ראָמאן. די ליפען ציטערען פאר אונגעדולד.

זי איז צורודערט. זי שרעקט זיך: טאָמער געהט איהר אויס דאָס ליכטעל, און זי וועט נישט געוואָהר ווערען דעם סוף פון פיפערנאָטער.

מאכען א פירוש אויף דיזען וואָלט געהייסען שלעכט איבערמאכען וואָס פרץ האָט געמאכט אזוי קינסטליך, אָבער דיזע קורצע סקיצע שיינט מיר צו זיין כאראקטעריסטיש פאר פרץ'ן.

דער שמייכעל, וואָס דיזע שילדערונג רופט ביי אונז ארויס, איז ניט פאר שמר'ן, נאָר פאר די לעזערין. און דיזער שמייכעל דויערט ניט לאנג, ער געהט באלד איבער אין א געפיהל פון רחמנות צו דער אָרימער, אומוויסענדער לעזערין. איהר זעהט פאר זיך אן אומגליקליכע אידישע טאָכטער, געבוירען און אויפגעצויגען אין עלענד, אָרימקייט און אומוויסענהייט, מיט א צעהיצטע, קראנקהאפטע פאנטאזיע, וועלכע ווערט גענעהרט און געשטערט פון דערזעלבער אָרימקייט און אבערגלויבען, און איהר דערזעהט פאר זיך מיט אמאָל א גאנצע עפּאָכע, א גאנצען דור פון עלענד און ארמוט, מאטעריעלע ווי גייסטיגע, מיט א פיבערהאפטער, נערוועזער און קראנקהאפטער טעטיגקייט, מיט א שטארקען דורשט צום לעזען און צו לערנען, וועלכעס ווערט באפרידיגט אויף א פארקערטען, אומנאטירליכען און שעדליכען אופן — די השכלה פעריאָדע.

י. ל. פּרץ האָט פארהעלטניסמעסיג ווענינ נעשריבען. קיינע לאנגע ראָמאנען, קיינע פארוויקעלטע סיטואציאָנען, קיינע פּלאָטען, קיינע אינטריגעס! דאָס גאנצע טויזענט זייטינע בוך באשטעהט פון שטיקלעך, ברעקלעך, פיצלעך; א קורצע ערצעהלונג, א חסידישע מעשה'לע, א געדיכט, אן אלעגאָריע. אלץ אָפּגעריסען, אָהן א סדר, וואָס איז נעקומען צו דער האנט! דאָס גאנצע בוך מאכט אמאָל דעם איינדרוק פון א סוחר'ס „זשורנאל“, וואו אלץ וואָס קומט פּאָר אין געשעפט ווערט איינגעשריבען. די הוצאה, די הכנסה, די הזיקות, די חובות, די שולדען, און ווי דעם סוחר'ס „זשורנאל“, גיט אייך פּרץ'ס בוך א בליק אין דעם גאנצען אידישען לעבען. קיין זאך ווערט ניט פארהוילען, קיין זאך ניט איבערטריבען, קיין זאך ניט פארלייקענט. וואָס עס פּאסירט, פארשרייבט ער, און וואָס ער פארשרייבט, איז דער אמת. און ער קאָן שרייבען ווי קיין אנדערער.

איין חסרון האָט פּרץ, אָבער דיזער „חסרון“ איז זיין גרויסע, זיין גרעסטע מעלה: אין דער צייט, ווען פּרץ'ס ליטעראַרישע טעטיגקייט הויבט זיך אָן, זעהט זיך ביי אידען נאָך ניט ארוים קיין קלאסען אונטערשיד. די קלאסען־ליניען זענען נאָך היינט ניט שארף נענונ, זיי האָבען זיך אָנגעהויבען צו אנטוויקלען ערשט אין די לעצטע 10—15 יאָר, זייט די אידען האָבען זיך מאסענווייז געלאָזען געהן אין פאבריק אריין. דיזע זייט פון דעם אידישען לעבען צו באארבייטען קינסטלעריש, איז דאָדורך נעבליבען פאר דעם יונגערען דור, וואָס הויבט זיך אָן אין רוסלאנד מיט דוד פּינסקי, וועלכער האָט א ווירדיגען נאָכפאָלגער אין א. רייזען. ספּעציעל אָבער איז דיזע זייט אנטוויקעלט געוואָרען אין די ריין קאפּיטאליסטישע לענדער, ענגלאנד און אמעריקא דורך מ. ווינטשעווסקי, מ. ראָזענפעלד, קאָברין, ליבין, שמואלזאָהן און אנדערע. ווען פּרץ'ס טעטיגקייט פאנגט זיך אָן עקזיסטירט דער אידישער פּראָלעטאריאט, אין מאָדערנעם זין, נאָך ניט. עס זענען דאָ אָרימע אידען און אָרימערע אידען, רייכע אידען און רייכערע אידען, שעהנע אידען און אידען־פּראָסטאקעס — אָבער אלע אידען זענען גלייך אידען. „כל ישראל בני מלכים הם“ — אלע אידען זענען פירשטען. דער

אָרימער איד האָט אימער געהאָפּט אויף א גוט געשעפטעלע, אָדער אויף דעם גרויסען געווינס, דורך וועלכען ער וועט רייך ווערען, און דער רייכער איד האָט אימער געציטערט פאר שלעכ־טע צייטען, אָדער גזירות אויף אידען, דורך וועלכע ער קאָן פאראָרימט ווערען. פּרץ קען דאדורך קיין קלאסען ביי אידען. ער קען דעם אידען, דאָס גאנצע פאָלק. אמת, פּרץ האָט זעהר פיל סימפּאטי מיט דעם אָרימען אידען, ער רעדט מייסטענס פון דעם אידען, דעם אָרימאַן, אָבער דאָס קומט פון דעם וואָס דאָס אידישע פאָלק אין גאנצען איז פאראָרימט, ווייל רייכע זע־נען דאָ זעהר ווייניג. ביי איהם איז דאדורך דער וואסערטרע־גער און דער מלמד, דער קירזשנער און דער דין, דער כלי־זמר און דער רב, דער שוסטער און דער שוחט — אלע גלייך אידען, אלע גלייך אָרימע אידען. און ווי אין א פאנאָראמא וויקעלט ער אונז פאנאנדער א רייהע בילדער, קינסטלעריש געמאָלען, וואָס פארכאפּען די אויגען און פארכאפּען דאָס הארץ; בילדער, וועלכע זענען אזוי סימפּאטיש, וועלכע מיר קענען אזוי גוט, וועלכע מיר האָבען אָבער פריהער גאָר ניט באמערקט. מיר זע־הען פאר אונזערע אויגען בילדער ווי דער „משולח", אן אלטער אויסגעדינטער קאנטאניסט מיט א ברייטער, ווייסער באָרד; א איד אן אכציגער, וועלכער פארלייקענט די יאָרען און קאָן ניט פארשטעהן וואָס ס'איז איהם אזוי שווער דער גאנג אין ווינט און אין פראָסט; א איד, וואָס איז שטאָלץ מיט דעם וואָס מען געטרויט איהם אזוי פיל פרעמדע געלט, און ווערט פארפרוירען אויף דעם וועג מיט דער האנט אויף דער בוזים־קעשע; דער טישיוויצער רב, וועלכער פארלאנגט נאָר צוויי גילדען א וואָך הוספה און וועמעס ווייב רענקט, אז קהל'שע עסקים האָבען מיט איהם גאָרניט צו טאָן; ר' אליה, וואָס וואָלט נאָך א האָר גע־וואָרען אן עושר, ווען ער וואָלט נאָר שכל געהאט און זיך איינ־געשפּארט ביים רבי'ן פאר סנקראות; דער יארציוואער רב וואָס איז זעהר צופרידען, וואָס ביי איהם אין שטעטעל קוילעט מען נאָר איין מאָל א וואָך און די רביצין האָט ניט וועמען מקנא צו זיין, וואָס דאנקט גאָט וואָס זיין הויז איז פארברענט געוואָרען, ווייל עס איז געשטאנען צו ווייט פון בית המדרש — אבי עס האָט נאָר ניט געשאט קיין אנדערע אידען; די סקולער רביצין,

„אַן אַלטע אידענע, אַ דאַרע; דאָס קעפּעל איבערגעצויגען מיט אַן איינגעשרומפּענען דין־דרויזיגען הייטעל, הוידעט זיך ווי אַ הדר אַן אתרוג, איבער'ן רויטען ברוסט־טיכעל, נאָר דער אתרוג האָט צוויי ערנסט־גוטע אויגען, וועלכע וויל ניט אָנקומען צו די קינדער, ווייל „דער סקולער רב האָט ניט איין מאָל געזאָגט, אַז אַן אַלמנה וואָס קומט אָן צו איהרע קינדער, איז אַ טאָפּעלע ענונה און — דעם סקולער רב'ס ווערטער דאַרף מען איינפּאַסען אין גאָלד און טראָגען אויפ'ן האלז פאַר איין אויבעל". מיר זעהען דעם בלי זמר, מיט אַן אמת קינסטלערישער נשמה, וועלכער וויל אַ שעה פאַר זיין טויט הערען ווי די קאַפּעליע וועט שפּילען אָהן איהם. „נישט נאָר די שוואַרצע פּעשע, שמייכעלט בּיטער־ליך דער קראַנקער", ווען דאָס ווייב מאַכט איהם פאָרוואורפען — „עס זענען אַ סך שוואַרצע פּעשעס געווען, און ווייסע אויך, און נעלע אויך... נאָר דיך, מירעל, האָב איך קיינ מאָל ניט גע־וואָלט פּטור ווערען... אַ מויד איז אַ מויד. דאָס איז שוין אַ כלי־זמר'ישע זאַך... עס ציהט ווי אַ בלאָטער. עס איז עפּעס אַ מין ציעקאַוואַשטש — אַ ווייב איז דאָך אַ ווייב! דאָס זענען צוויי נאָר אַנדערע זאַכען..."

„און אויסדרייענדיג זיך צו די קינדער, מאַכט ער:

הערט, קינדער, שפּילט אָהן מיר, ווי מיט מיר, שפּילט גוט... זייט ניט קיין שקצים אויף אָרימע חתונות, האַלט ערליך די מוטער. און צונד —

שפּילט מיר אָפּ די וידוי... אונזער שכן וועט פאַרזאָרגען...

און — די פיער־איילענדיגע שטוב איז געוואָרען פול מיט מוזיק."

מיר זעהען בילדער פון „שלום בית", און דוקא ביי אַ טרעגער; בילדער פון גליק „אין קעלער שטוב"; בילדער פון דעם קירזשנער, וועלכער האָט דאָס רוב פּרנסה פון פויערשע סיערמיעגגעס און טרעגער פּעלצלעך, דער עיקר איז ער אָבער אַ שטריימעלמאַכער, ווייל אין דעם שטריימעל שטעקט אַ גרוי־סע גבורה. דער וואָס איז אונטער דעם שטריימעל, „איז גע־ווען רחמנא לצלן אַ שלים מזל, וואָס די וועלט פאַרמאָגט עס ניט." מיט קליינע, פאַרלאָשענע, מיט אייטער פאַרגאָסענע, בטל'נישע שטענדיג דערשראָקענע אויגען". נאָר אַז דיזע בריאה

האָט אָנגעטאָן דאָס שטריימעל וואָס ער, בעריל קאָלבאָס, האָט געמאַכט, איז די גאַנצע שטאָדט אַנטקעגנגען געלאָפען, „מען האָט אויסגעשפּאַנט די פערד". גאַנץ קהל האָט געוואָלט שלעפען זיין שטריימעל, נאָר „לייבעל מילנער האָט געגעבען ח"י מאָל ח"י זהובים, און ער איז געווען דאָס ערשטע פערד". מיר זעהען בילדער פון „באַנצי שווייג"; פון דעם בריסקער רב, מיט א „ווייסע לאַנגע באָרד, איין שפּיץ האָט זיך איהם אריינגע־רוקט אין גאַרטעל, דער צווייטער שפּיץ באָרד ציטערט איבער'ן גאַרטעל... ברעמען — ווייסע, דיקע, לאַנגע — א האַלב פּנים האָבען זיי איהם פאַרשטעלט. און אַז ער האָט זיי אויפגעהוי־בען — רבונו של עולם! די נשים זענען ממש צוריקגעפאַלען, ווי פון א דונער צוריק געוואָרפען, אזוינע אויגען האָט ער גע־האט! — חלפים, בלאַנקע חלפים האָבען אין זיי געבליצט! און א געשריי האָט ער געטאָן ווי א לייב: „אוועק נשים!"

מיר זעהען בילדער פון „מאַניש".

א שעהנער יונג — א פּראַכט!
שוואַרצע לאָקען ווי די נאַכט,
קאַרמען ליפּען — רויזען צוויי!
שוואַרצע ברעמען ווי די בויגען,
ווי דער הימעל בלאָע אויגען,
און א פייער ברענט אין זיי!

יעדעס בייגדיל אין איהם לעבט,
און ער געהט נישט, נור ער שוועבט;
אָנצוקוקען איז א פרייד!
מיידלעך ווערען רויט און בלאַס,
אַז ער ווייזט זיך אויף דער גאַס,
אַז דער שעהנער מאַניש געהט!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אומזיסט באַקלאַגט זיך פּרץ אין זיין מאַניש, אַז די אידיש פּאַסט זיך ניט פאַר פּאָעזי און פאַר ליבע; אומזיסט קלאָגט ער:

אַנדערש וואָלט מיין ליעד געקלונגען,
כ'זאָל פאַר גוים גויש זונגען,

— גישט פאַר אידען, נישט זשאַרגאָן!
קיין רעכטען קלאַנג, קיין רעכטען טאָן!
ס'האָט פאַר ליעבע, פאַר געפיהל
נישט קיין פאַסענד וואָרט, קיין סטיעל...

די פאַסענדע ווערטער פאַר ליבע און געפיהל האָט ער אונז שפּעטער אליין געגעבען. און געהערט האָט ער דיזע שפּראַך פון ליבע ניט אין פּאַלאַצען, נאָר דוקא „אין קעלער שטוב", און דוקא אויף אידיש, צווישען טריינע און איהר מאַן, וואָס זוכט א מלומדות:

קוק אויף מיר, יוסל — פאַלט איהר איין צו פערלאַנגען.

יוסעל וויל פאָלגען און קען נישט.

— בטלן, מאַכט זי צו איהם ווייך, נאָך נים צוגעוואוינט, הא?

ער וויל בעהאַלטען זיין קאָפּ אויף איהר ברוסט, זי לאָזט נישט.

— וואָס שעמסט דו זיך, בטלן! קושען מעגסט דו און קוקען נישט?

ער וויל בעסער קושען; זי לאָזט נישט.

— קוק אויף מיר, איך בעט דיך!

יוסעל עפענט די אויגען מיט כח; זיי פאַלען דאָך באַלד צוריק צו.

איך בעט דיך, מאַכט זי נאָך ווייבער, נאָך זיידענער.

ער קוקט. צונד לאָזט זי אראָב די ברעמען.

— זאָג נור — מאַכט זי — זאָג מיר דעם אמת, איך בעט דיך... איך בין עפּעס אַ שעהן ווייבעל?

— יאָ! — רוימט ער איהר איין, און זי פיהלט נאָך הייסער זיין אָטעם.

— ווער האָט דיר געזאָגט?

— איך זעה דאָך! א מלכה ביסט דו, א מלכה!

— ...זאָג, ווי הייס איך?

— טריינע!

— פע! — פערציהט זי די קליינע ליפּלעך. —

— טריינעשי — פערבעסערט זיך יוסעל.

עס געפעלט איהר נאָך אַלץ נים.

— טרויִנעניו...

— ניין!

— נו, טרויִנע לעבען, טרויִנע קרוין, טרויִנע הארץ...
שוין גוט אַזוי?

— יאָ! ענטפערט זי גליקליך, נור...

— וואָס נור? לעבען מיינס, נחת מיינס!

— נור הער, יוסעל... און... שטאַמעלט זי.

— און וואָס?

— און אז עס וועט, חס ושלום, פעהלען א מאָל פרנסה...
אַז איך וועל וועניג פערדיענען... וועסט דו אפשר... אפשר
שרייען...

טרערען קומען איהר אין די אויגען אַריין.

— חס ושלום! חס ושלום!

ער רייסט אויס דעם קאָפּ פון איהרע הענד און פאַלט צו
צו די נאָך אָפענע ליפּען.

ניט די שפּראַך, ניט די אידישקייט, און ניט די פרומקייט
פון דעם יונגען פּאָר פּאָלק שטערט זיי אין זייער ליבע. אדרבא,
די שפּראַך גיט איהר צו א באַזונדערען חן, א אידישען חן, —
דעם חן פון צניעות, פון אומשולד, פון אומפּארשייטקייט. גע־
שטערט ווערען זיי פון דעם דלות, פון די אביונישקייט. ניט פון
דעם אייגענעם דלות. דאָס וועלען זיי שפּעטער אויסגעפינען,
דערוויל ווערען זיי געשטערט פונ׳ם ארומיגען דלות:

אין דערזעלבער קעלער שטוב, וואו די צוויי יונגע הערצער
געניסען דאָס העכסטע גליק פון דער ליבע, וואוינען אין שכנות,
אויסער יוסעל דעם וואסערטרעגער, וועלכען קאָן ניט איינשלאָ־
פען, ווייל דאָס אינגעל האָט געוויינט „רבי־געלד“, און די על־
טערע טאָכטער איז געבליבען אָהן א שטעלע, ווייל די באַלעבאָ־
סטע איז געשטאָרבען, און „זי וועט דאָך ניט בלייבען אליין
מיט דעם אלמן“; אויסער בעריל דעם טרעגער מיט זיינעביידע
קינדער, וואָס שלאָפט אליין ווי א „כריאבערע“, ווייל זיין ווייב,
די קעכין, האָט די נאכט א חתונה, אויסער דיזע און נאָך איי־
ניגע שכנים, וואוינט נאָך דאָרט פריידע די האלאדיגריכע,
וועלכע שלאָפט אומרוהיג, ווייל „זי האָט זיך באַרונגען מיט דעם
בעל עגלה ער זאָל איהר אויפנעמען מיט א קליין פעסעל, און

פאר'ן שלאָף האָט זי א ישוב געהאט, אז עס איז גלייכער מיט־צונעמען דאָס גרויסע פאס" אויף דעם יריד. און זי בייזערט זיךאויף זיך אליין: „א בייז מויל א אידענע האָט — ארויס־נעכאפּט זיך: ס'קליינע פעסעל! נאָך וואָס? נאָך ווען? דעם בעל עגלה'ס דאגה? ער וועט דארפען מפיים זיין די פערד מיט נאָ א ביסעל האָבער?"

און דיזע פריידעל די האלאדינריכע מאכט דעם יונגען ווייבעל דעם טויט. „זי לאָזט איהר ניט קיין פרייע מינוט. א מאן — זאָגט זי — אז מען פירט איהם נישט ביי דער נאָז, איז ער ערגער ווי א וואָלף; ציהט ער די קליי פון די ביינער ארויס, דאָס בלוט זויגט ער אויס פון די אָדערען! שוין צען יאָר, זאָגט פריידעל — זיצט זי אָהן א מאן, און קאָן נאָך אלץ צו די כחות נישט קומען! און פריידעל איז א קלוגע אידענע, א מלומדות! „וואָס עס קומט איהם — זאָגט זי — על פּי דין — ווארף איהם ווי א הונד א ביין און ווייטער — וואָרא! נור פון דערוויי־טענס און — נור געפלוכט."

און אין דער מינוט, ווען די הערצער פון דעם יונגען פּאָר פּאָלק גיסען זיך צוזאמען און זייערע ליפען שליסען זיך איינס אין ס'אנדערע, כאפּט זיך אויף פריידעל מיט א געשריי:

„א רעכטע שיינע, ריינע כפּרה, צו זייער קאָפּ, צו זייערע הענד און פיס — קוש־וואָך נאָר ביי זיי! קיין אויג לאָזט מען נישט צומאכען..."

ניט אומזיסט ענדיגט פּרץ זיין ארטיקעל „בילדונג" מיט די ווערטער:

„און דער עיקר דארף מען זעהן, ווי ווייט מעגליך, דאָס פּאָלק זאָל האָבען פּרנסה."

# עטליכע באמערקונגען מכח הומאָר בכלל און שלום עליכם'ס הומאָר בפרט*)

צו דעם קבלת פנים פון שלום עליכם אין קופּער יוניאָן האָל, האָט איינער פון די רעדנער געמאַכט אַ באַמערקונג, אויף וועלכע עס איז כדאי זיך אָבצושטעלען.

פאַרגלייכענדיג שלום עליכם צו מאַרק טוויין, דעם אַמעריקאַנער הומאָריסט, האָט יענער רעדנער אויפגעשטעלט די באַהויפּטונג, אַז שלום עליכם איז גרעסער פון מאַרק טוויין שוין צוליעב דעם אליין, וואָס שלום עליכם איז אַ איד. עס איז ניט קיין חכמה, אַזוי אונגעפעהר האָט יענער רעדנער אויסגעפיהרט, צו זיין אַ מאַרק טוויין ביי דעם אַמעריקאַנער פאָלק! ביי אַ פאָלק, וואָס איז גרויס, מעכטיג, פריי, און ממילא פרעהליך, איז לייכט צו לאַכען. ביי אַזאַ פאָלק קען כמעט יעדערער זיין אַ הומאָריסט. עס איז אַ גרויסע חכמה צו זיין אַ אידישער מאַרק טוויין, אַ שלום עליכם. צו לאַכען ביי אַ פאָלק, וואָס איז זייט טויזענדע יאָהרען אין גלות; ביי אַ פאָלק, וואָס איז אונטערדריקט, אָרעם און שפל — צו לאַכען ביי אַזאַ פאָלק, מוז מען זיין גרעסער ווי מאַרק טוויין.

דער עולם האָט דיזען געדאַנק שטאַרק אַפּלאָדירט, וואָס באַווייזט, אַז דער רעדנער האָט צוגעטראָפען דעם עולם'ס געדאַנק. אָבער דיזער געדאַנק, שיינט מיר, טראָגט אין זיך עטליכע טעותים, און אויב מיר זאָלען איהם אננעמען, וועלען מיר באַקומען אַ פאַלשען באַגריף פון הומאָר בכלל, און פון שלום עליכם'ס הומאָר בפרט.

דיזער געדאַנק האָט זיין שורש אין דער אידעע, אַז הומאָר

---

*) ערשינען אין מיניקעס יום־טוב בלעטער. — יובילעאום נומער.

הייסט לאַכען, און א הומאָריסט — דער וואָס קאָן אליין לאַכען און מאַכען אנדערע צום לאַכען. אויבערפלעכליך שיינט עס אזוי צו זיין, אָבער נאָר ווען מען באַטראַכט די זאַך אויבערפלעכליך. אין אמת'ן איז עס ניט אזוי. וויל מען פארשטעהן די זאַך גרינדליכער, מוז מען מאַכען א חילוק צווישען שפּאַס, חוזק, וויטץ און הומאָר, און ווען מען טוט דאָס, זעהט מען גלייך, אז לאַכען, אויסלאַכען, אָדער אָבלאַכען זיינען ניט צווישען די „עלעמענטען" פון הומאָר.

שפּאַס און חוזק; אָבלאַכען און אויסלאַכען, שטאַמען פון גרינגשעצונג, פון א באַהאַלטענעם האַס, טיילמאל פון קנאה צו דעם סוביעקט, טיילמאל פון איינענע גרלות. עס האָט אין זיך קיין שמץ פון סימפּאַטיע; עס לאָזט איבער א נאָכגעשמאַק, און באַפרידינגט קיינעם ניט — אפילו ניט דעם חוזק־מאַכער.

דער וויץ איז ווי א בליץ — שאַרף, שפּיציג, שניידיג און שטרענג. ער נימט א שלאָג אומגעריכט, איידער מען קוקט זיך ארום, און ווען ער טרעפט, פארניכטעט ער. ער ווירקט קיינמאָל ניט קאָנסטרוקטיוו, אלע מאָל — דעסטרוקטיוו.

גאַנץ אנדערש איז דער הומאָר.

הומאָר איז קיין לאַכען, קיין אבלאַכען, קיין אויסלאַכען, קיין „קיבעצען", קיין חוזק מאַכען. עס רופט אפילו ניט ארויס קיין געלעכטער. א שמייכעל, דאָס איז דאָס העכסטע, וואָס הומאָר קאָן ארויסרופען.

דער גרעסטער טייל פון הומאָר איז דער פּאַטהאָס.

אויב מען קאָן זיך אזוי אויסדריקען, וואָלט איך געזאָגט: הומאָר באַשטעהט פון פיר יסודות: ערענסט, סימפּאַטי, ליעבע און קאָמיזם. די ערשטע דריי יסודות — ערענסט, סימפּאַטי און ליעבע — דאָס מאַכט צוזאַמען אויס דעם פּאַטהאָס. קאָמיזם איז נאָר א פּערט־חלק פון הומאָר.

דער הומאָר איז קיינמאָל ניט שפּיציג און טיף ווי דער וויטץ, און ער צושטערט ניט און פארניכטעט ניט ווי ער. דער הומאָר ווירקט אין דער ברייט, אויף דער אויבערפלעכע. ער נעמט ארום דאָס פלאַכע, רופט ארויס סימפּאַטיע און ליעבע צו דעם אָביעקט, און א שמייכעל ביי דעם סוביעקט. ער לאַסטשעט

און פאַרשאַפט פאַרגניגען פון איין זייט, און רופט אַרויס סימ־פּאַטיע און ליעבע — פון דער אנדערער זייט.

ווען מען פאַרטייטשט דאָס וואָרט הומאָר אויף אַזאַ אופן, און דאָס איז דער איינציגער וועג ווי מען קאָן עס פאַרטייטשען, איז די אבשאַצונג פון מארק טוויין און שלום עליכם, און דער פאַרגלייך צווישען זיי, גאָר אנאנדער. דאַן קאָן מען שוין ניט זאָגען, אַז ביי די אמעריקאנער איז לייכטער צו זיין אַ הומאָריסט ווי ביי די אידען. ווארום דאָס לאַכען האָט גאַר ניט צו טאָן מיט דעם הומאָריסט, און מכח קאָמיזם איז אפשר די אויפגאַבע אַ לייכטערע ביי אַ אידישען הומאָריסט, ווארום אַן אונטערדריקט פאָלק, אַ פאָלק אין גלות האָט אין זיך מעהר קאָמישעס ווי אַ פאָלק, וואָס איז פריי, רייך און גליקליך. דאָס אונטערדריקטע פאָלק, זוכט געוועהנליך נאָכצומאַכען דעם הערשענדען פאָלק, און נאָכאַמונג און זיטען, רופט אַלע מאָל אַרויס עטוואָס קאָ־מישעס. דעם חילוק צווישען די צוויי הומאָריסטען איז דאריבער צו זוכען אויף אנאנדער וועג. און אַ חילוק איז דאָ אַ גרויסער, נאָך מיין מיינונג.

אויב די דעפיניציע, אַז הומאָר באַשטעהט פון ערענסט, סימפּאַטי, ליעבע און קאָמיזם איז ריכטיג, דאַרף מען שלום עליכם׳ס הומאָר אביסעל אנדערש קלאַסיפיצירען. אנשטאַט „קאָמיזם“, דאַרף מען שטעלען דאָס וואָרט: „טראַגיזם“. שלום עליכם׳ס הומאָר באַשטעהט פון: ערענסט, סימפּאַטי, ליעבע און טראַגיזם.

שלום עליכם איז טראַגיש, ניט קאָמיש. און עס קאָן גאָר אנדערש ניט זיין. ער וואָלט ניט געווען דער הומאָריסט פון דעם אידישען פאָלק, ווען ער וואָלט געווען עטוואָס אנדערש. עס איז דאָס טראַגישע, דער טראַגי־קאָמיזם, וואָס שטעמפּעלט איהם צום אידישען הומאָריסט.

מארק טוויין׳ס שמייכעל, רופט אַרויס אַ צופרידענהייט און אַ פרעהליכקייט אין הארצען; שלום עליכם׳ס שמייכעל רופט אַרויס אַ וועהטאָג אין הארצען.

עס איז ניט דאָ דער פּלאַץ זיך צו פאַרנעמען מיט אַ ברייטער אנאַליזע פון מארק טוויין׳ס און שלום עליכם׳ס ווערק, און דעם פאַרגלייך צווישען זיי. עס איז אָבער נויטיג אַרויסצוברייג־

נען, לכל הפחות, איין-פונקט, כדי צו באקרעפטיגען די אויבענ־דיגע באהויפטונג.

די האנדלונגען פון קינדער זענען כאראקטעריסטיש פאר דעם נשמה צושטאנד פון א פאָלק; און די באציהונג פון א דערוואקסענעם מענשען צו קינדער, איז כאראקטעריסטיש פאר דעם נשמה צושטאנד פון דעם געגעבענעם מענשען. מפי עוללים ויונקים יסדת עוז!

דער אופן ווי אזוי א קינסטלער, א שרייבער, לאָזט „זיינע" קינדער האנדלען, און ווי ער באהאנדעלט זיי, איז כאראקטע־ריסטיש אי פאר דעם פאלק, וועמעס קינדער ער באשרייבט, אי פאר דעם געגעבענעם שרייבער.

נון, מארק טוויין האָט אונז געגעבען דעם בילד פון דעם אמעריקאנעם אינגעל, פון דעם „באי". זיינע צוויי טיפען „טאָם סויער" און „האקעלבערי פין" כאראקטעריזירען דאָס אמערי־קאנער אינגעל. און שלום עליכם האָט אונז געגעבען די בילדער פון עטליכע אידישע איננלעך. און דאָ זעהען מיר דעם גרויסען אונטערשייד.

„טאָם סויער", ווען ער וואלט געווען אייער אינגעל, אָדער אפילו אייער ברודערל — איהר וואָלט איהם גע׳ממית׳ט, ווא־רום ער איז דער גרעסטער שייגעץ, וואָס איהר קענט זיך נאָר פארשטעלען. ער לויפט ארום בארוועס, אבגעריסען, אבגעשלי־סען און שמוציג. ער וויל נים געהן אין סקוהל, אָדער אין קירכע; ער איז א נאשער, א ליגנער, א גנב; ער שלאָגט זיך מיט וועמען ער טרעפט זיך, ער פליהט איבער פארקאנעס, ער טוט אלעמען אב שפיצלעך, ער איז א גענעראל פון א גענג, א שייקע הייסט דאָס. ער איז מיט איין ווארט: א כל בו. ער טוט אליץ וואָס אן אנשטענדיגער אינגעל דארף נים טאָן.

ביי דעם אלעם, ווען איהר זייט פארטיג מיט איהם, ווען איהר זייט מיט איהם באקענט, האָט איהר איהם ליעב, און עס טוט אייך הנאה, וואָס איהר האָט זיך מיט איהם באקענט. עס בלייבט א גוטער טעם אין מויל, א צופרידענהייט אין הארצען, און א גוטמוטיגער שמייכעל אויף די ליפען. אפילו די קלעפ און סטוסאקעס, וואָס ער כאפט אויף יעדען שריט און טריט, ארען אייך נים, און איהר פיהלט, אז זיי ארען איהם אויך נים. איהר

זייט ניט בייז אויף איהם, און איהר האָט קיין רחמנות אויף איהם, איהר פיהלט ער וועט אויסוואקסען א גוטער א געזונטער מענש, און ער וועט נאָך אפשר זיין א גרויסער פּאָליטישען, א פּרעזידענט פון א קאָרפּאָריישאָן, אָדער גאָר אן ערפינדער ווי עדיסאָן.

גאנץ אנדערש איז עס מיט שלום עליכם'ס „קינדער". א צער, א הארצוועהטאָג נעמט אייך אן, ווען איהר באַקענט זיך מיט זיי. א גאָט'ס רחמנות! לג־בעומר איז דער איינציגער טאָג ווען זיי „הוליען", און יעדעס מאָל לאָזט זיך אויס מיט עפּעס א טראַגעדיע פאר זיי, אָדער פאר די עלטערען, ווי עס איז גע־ווען די מעשה מיט דעם בערעזעווקער'ס אינגעל, וועמעס פאָ־טער האָט שיעור ניט געהאט אן „עלילת דם". אפילו „געצעל", וואָס האָט זיך געטשעפּעט און געשלאָגען מיט אַלעמען, אפילו אויף איהם איז א גאָט'ס רחמנות—ער איז האַלב משוגע, איינער אליין, עלענד, ער האָט אפילו ניט מיט וועמען צו שפּילען אין ניס, און שפּילט מיט זיך אליין, פון איין קעשענע אין די אנ־דערע. און ווען שלום עליכם'ס „קינדער" וועלען אויסוואקסען, איהר פּיהלט דאָס, וועט אויף זיי זיין נאָך מעהר רחמנות. דאָס בעסטע וואס קאָן פון זיי ווערען איז א מנחם מענדעל. און מנחם מענדעל איז ניט קיין קאָמישע פיגור, נאָר א טראגי־קאָמישע.

אין מארק טוויין'ס קינדער זעהט איהר די געזונדקייט, שטאַרקייט, פרייהייט און „צולאָזענקייט" פון דעם אמעריקאנער. אין שלום עליכם'ס — די עלענדקייט, נידערשלאָגענהייט און אונטערטעניגקייט פון דעם אידען. מארק טוויין שמייכעלט. שלום עליכם וויינט. מארק טוויין'ס הומאָר איז קאָמיש. דער הומאָר פון שלום עליכם איז טראגיש.

# פערציג יאָהר אידישער סאָציאַליזם

(צו דעם זעכציג יעהריגען יוביליאום פון מאָררים ווינטשעווסקי.)

איך געה דאָ ניט שרייבען קיין שבחים אויף מאָררים ווינ־טשעווסקי.

שבחים שרייבט מען אויף טויטע, ניט אויף לעבעדיגע.

לעבעדיגע קריטיקירט מען, וואָס דאָס איז דער גרעסטער שבח.

און מאָררים ווינטשעווסקי, א דאנק זיין ליבען נאָמען, איז נאָך זעהר און זעהר לעבעדיג, און ער זוכט ערשט, ווי ער זאָגט אונז, צו מאכען א רעוואָלוציע.

די רעוואָלוציע, אמת, מאכט ער ביי זיך אליין, און עס איז א רעוואָלוציע, וואָס ער מאכט איינענטליך ניט, נאָר וואָס „קומט פאר" — ביי איהם אין הארצען; אָבער דאָס איז דער אמת'ער סמן פון לעבען. דאָס איז די אמת'ע רעוואָלוציע.

אמת'ע רעוואָלוציעס ווערען ניט געמאכט, זיי „קומען פאָר", ווי פון זיך אליין.

און ווען א רעוואָלוציע „קומט פאר", סיי דאָס איז אין א לאנד, סיי דאָס איז אין א הארץ, איז דאָס א סמן פון באנייאונג, פון קרעפטיגען, שטרעבענדען, יוגענדהאפטען און זאפטיגען לעבען.

אזא לעבען דארף מען ניט באזינגען. מען דארף עס אנאַ־ליזירען, אָבשאצען און פארשטעהן. קיינמאָל ניט לויבען.

ווארים דאָס אמת'ע לעבען איז קיינמאָל ניט אזא לעבען וואָס איז נוגע נאָר איין מענשען.

דאָס לעבען וואָס הויבט זיך אן מיט אנבייסען, ענדיגט זיך מיט וועטשערע און באנייט זיך מיט אנאנדער אנבייסען, דאָס איז דאָס לעבען, וואָס אינטערעסירט קיינעם ניט, אָפט אפילו ניט דעם בעל דבר אליין. דאָס איז דאָס לעבען פון דעם מאָגען.

---

*) „די נייע וועלט", מארץ, 1917.

דער מאָגען איז אינדיווידועל, און אינטערעסירט נאָר דעם, וואָס טראָגט איהם אין זיך.

דאָס לעבען, וואָס דענקט, און קעמפּט, און זוכט נאָך די וועטשערע און פאר דעם אנבייסען; דאָס לעבען וואָס קומט ניט פון מאָגען, און ניט צוליעב דעם מאָגען; וואָס איז אָפט להכעיס דעם מאָגען; דאָס לעבען פון דער נשמה — אָט דאָס לעבען איז ניט קיין פאראיינצעלטע זאך, באלאנגט ניט נאָר צו דעם בעל דבר, איז ניט איינזאם. אזא לעבען געפינט אָפט אָן אָבקלאנג אין די הערצער פון אנדערע, און שלאָגט אין טאַקט מיט די לעבענס פון אנדערע.

ווען עס „קומט פאָר" א רעוואָלוציע אין אזא הארץ, איז אָפט א רעוואָלוציע, וואָס קומט פאר אין א סך הערצער אין איין און דערזעלבער צייט. אמאָל באאיינפלוסט דאָס איינציגע הארץ די אנדערע הערצער; אָן אנדערש מאָל, און דאָס טרעפט מייג־סטענס, איז דאָס איינציגע הארץ, ניט וויסענדיג, באאיינפלוסט פון די פיעל הערצער.

אזוי צי אזוי, עס איז אָן אלגעמיינע זאך.

און ווינטשעווסקי האָט געלעבט, און לעבט אזא לעבען; די רעוואָלוציע, וואָס קומט פאר אין זיין הארץ איז אזא רעוואָלוציע.

עס איז דערפאר ניטאָ וואס צו לויבען, עס איז אָבער דאָ זעהר פיעל צו אנאליזירען, און אפשר, צו קריטיקירען.

* * *

זעכציג יאָהר איז ער אלט געוואָרען, אונזער יונגער, און ערשט איצט האָט ער זיך ארומגעזעהן וואָס איהם פעהלט; ערשט איצט האָט ער אויסגעפונען, אז ער האָט ניט קיין פאטערלאנד, קיין מוטערשפּראך, קיין רעליגיע, קיין קולטור, קיין דרך ארץ, קיין קינדער און קיין פריינד.

וואו איז ער געווען ביז איצט? ווי אזוי האָט ער געלעבט די אלע יאָהרען מיט אזוי פיעל פעהלערען?

פרעגט ביי איהם ניט. ער וועט אייך קיין קלאָרע תשובה אויף דעם ניט קאָנען געבען. וואָרים דער אמת איז, ער האָט די אלע זאכען אמאָל פארמאָגט. ער האָט זיי פארשוואונדט. ער

האָט זיינע געטער פארניכטעט. מיט די אייגענע הענט האָט ער זיי פארניכטעט, צעבראָכען, צעשטאָכען, צעשטויסען און אויף עם דאדורך קיינמאָל ניט א רעוואָלוציע פון איין הארץ; עס איז אָלע שבע ימים צושפּריים. אנשטאט דעם אלעם האָט ער זיך א נייעם גאָט אויסגעשניצט, איהם אויסגעטאקט, באפוצט און באצירט, און פון איהם אָנגעקוואָלען. דאָס איז געווען דער סאָ־ציאַליזם. דערוויילע איז געקומען די שרעקליכע מלחמה. פון דעם ערשטען שאָס איז זיין גאָט פארוואונדעט געוואָרען; זיין גאָט איז געווען דער ערשטער קרבן. מיט שרעק האָט ער זיך גענומען ארומקוקען. וואו זענען די פריהעריגע געטער? וואו זענען די ניטער? וואו איז די ירושה פון זיין טאטען? וואו איז דאָס פארמעגען, וואָס ער האָט אין זיין לעבען אָנגעארבייט? וואָס וועט ער לאָזען זיינע קינדער? אלעס חרוב! מיט די אייגענע הענט פארניכטעט!

און ער לויפט ארום, זוכט צוזאמענצוקלייבען די אַלטע שארבענס, אפשר וועט ער זיי קאנען פארדראָטעווען, צוזאמענ־קלעפען, פארריכטען.

אומזיסט!

א פארשווענדט פארמעגען קומט ניט צוריק!

צעבראָכענע געטער קאן מען ניט פארניכטען.

* * *

פערציג יאָהר אידישער סאָציאַליזם!

ער איז שטאָלץ דאראויף, וואָס ער, צוזאמען מיט ליבערמאַן, איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געפּרעדיגט סאָציאַליזם צו אידען אויף אידיש.

ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געמאכט דעם גע־וואגטען שפּרונג. פון דער השכלה איז ער גלייך אריבער צום סאָציאַליזם. ער האָט ניט דורכגעמאכט די פארשידענע עטאפּען, וואָס פיעל אנדערע האָבען געמאכט. ער האָט ניט געלערענט זיין דייטש פון מענדעלזאָנ'ס באור; ער איז ניט דורכגעגאנגען די עטאפּען פון „חובבי ציון“, „חובבי שפת עבר“, פון זיך פאר־טיגען צום אוניווערזיטעט אום דאַן, נאָך דעם ערשטען פּאגראם, צו געהן ווערען א סטאָליאר אָדער א שוסטער; ביי איהם איז

עס געווען איין שפּרונג — פון קאָוונא קיין קעניגסבערג; פון השכלה צום דייטשען סאָציאַליזם.

* * *

מיט פערציג יאָהר צוריק, א יונגער מאַן ווי ער איז דאַמאָלט געווען, איז ער געווים געווען זיכער, אז אין פערציג יאָהר אַרום, אויב ער וועט נאָר דערלעבען, וועט שוין געוויס זיין נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

היינט, נאָכדעם ווי די פערציג יאָהר זענען שוין פאַרביי, האָט ער אויסגעפונען, אז דאָס איז געווען פערציג יאָהר מדבר.

א דור המדבר!

און די לוחות זענען צעבראָכען!

און דער עגל הזהב, דאָס גאָלדענע קאַלב, איז דער גאָט וואָס הערשט!

וואָסער טראַגעדיע! וואָסער ענטוישונג!

א נחמה איז אָבער דאָ א גרויסע.

די טראַגעדיע איז ניט נאָר זיין טראַגעדיע. ער שטעהט ניט אַליין. ער איז ניט דער איינציגער, וואָס האָט צעבראָכען זיינע געטער און טראָגט זיך איצט אַרום מיט איבערגעבליבענע שאַרבענס, וואָס פּאַסען זיך אין ערגעץ ניט אַריין.

דאָס איז דער גורל פון יעדען דור המדבר.

* * *

גוט איז געווען דעם נייעם דור, דעם דור, וואָס איז געבוירען געוואָרען אין דער מדבר, צום סוף פון די פערציג יאָהר. קיין ליים אין מצרים האָבען זיי ניט געקנעטען; אין די בלאָטעס פון ים סוף האָבען זיי זיך ניט געפּליושקעט; דעם מן, וואָס איז געוואָרען ווערמיג איבער נאַכט האָבען זיי ניט געקליבען. אָהן מיה און אָהן מאַטערניש זענען זיי געשטאַנען ביים שוועל פון דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד.

גוט איז זיי געווען, אָבער מקנא צו זיין איז ניט געווען וואָס. זיי האָבען ניט געהאַט דעם צער, אָבער אויך ניט דעם נחת, וואָס דער קאַמף און דאָס לעבען פאַר א גרויסער זאַך ברענגט מיט זיך.

די יסורים, די מאַטערניש, די ענטוישונג פון דעם דור המדבר, טראָגען אין זיך דעם אייגענעם שכר — דאָס באַוואוסט־

זיין, אז איידער מען איז מסוגל מקבל צו זיין די תורה, מוז מען דורכגעהן די מדבר.

* * *

און ווען איינער האָט די זכיה צו האָבען געווען פון די ערשטע, וואָס זענען ארויס פון דעם חושך, מעג ער נאכהער, בראָדיען אין א מדבר, מעג ער שטעהן מיט צעבראָכענע לוחות אין דער האַנט, מעג ער אפילו פארלירען די האפנונג צו קומען אין דעם פארשפּראָכענעם לאַנד — ער האָט זיין שכר אין זיין ארבייט...

די לוחות וועלען באנייט ווערען, דער מדבר וועט זיך ענ־דיגען, און דאָס פארשפּראָכענע לאַנד וועט קומען.

דאָס באוואוסטזיין איז דער גרויסער שכר. און דעם באַ־וואוסטזיין האָט מאררים ווינטשעווסקי.

ער פארלייגט נים די הענט; ער זאָגט נים: ער כאַן! נאָך די פערציג יאָהר הויבט ער אָן אויפסניי. ווייטער ארבייטען, ווייטער זוכען, ווייטער קריטיקירען, ווייטער ברעכען...

# צו דעם פריהצייטיגען טויט פון ב. באָרוכאָוו.

ווי א דונער פון א לויטערען הימעל איז צו אונז געקומען די ידיעה וועגען דעם פריהצייטיגען טויט פון ב. באָרוכאָוו.

איז דאָס אמת? איז באָרוכאָוו טאקע געשטאָרבען? איז מעגליך, אז דיזער באגאבטער יונגערמאן, פול מיט ענערגיע און שטרעבען, פול מיט גלויבען און האפנונג איז פון אונז אוועק־געריסען געוואָרען אויף אזא נארישען אופן אין דעם סאמע מיטען פון זיין ארבייט, אין דעם סאמע מאָמענט, ווען זיין אידעאל שיינט אזוי נאָהענט פון פארווירקליכט צו ווערען? עס לאָזט זיך ניט גלויבען. עס קלינגט עפעס ווי א שונא וואָלט דאָס אויסגעטראכט. ערשט נעכטען, אזוי שיינט עס, האָבען מיר איהם באגלייט צו זיין אלטער היים, צו דער אלטער היים, וואוהין ער איז געלאָפען ארבייטען פאר זיין נייע־אלטער היים, און מיט אמאל די שרעקליכע ידיעה: באָרוכאָוו איז געשטאָרבען.

איך האָב אויף דעם טויט קיינמאָל ניט קיין פאראיבעל. איך שרעק זיך ניט פאר איהם, בין אויף איהם ניט אין כעס, און האָב צו איהם ניט קיין טענות. מיין כעס אויף דעם טויט קומט, ווען ער באגעהט א ספעציעלע נארישקייט, ווען ער טוט אפ א רשעות, פון וועלכער ער האָט גאָר ניט, און מיר האָבען א גרויסען שאָדען. אין אזא צייט, ווען איך וואָלט געקאָנט — איך וואָלט איהם אליין געמאכט דעם טויט.

ווען דער טויט קומט אלס רעזולטאט פון א לאנגען, טעטיגען און נוצליכען לעבען, דאן איז ער דער נאטירליכער יורש צו דער נשמיה, וואָס איז געבליבען. נאָכדעם ווען א מענש האָט אפגע־לעבט זיין נאטירליך לעבען און אָפגעטאָן זיין גייסטיגע ארבייט, פארגין איך דעם טויט דעם טויטען חומר. דאָס איז זיין ירושה. דאָס איז זיין חלק. זאָל ער זיך ווערגען דערמיט. דאָס אמת'ע, דאָס לעבעדיגע, דאָס באשטענדיגע — אויף דעם האָט ער ניט קיין שליטה. דאָס איז אונזער חלק, דאָס בלייבט מיט אונז, דאָס

---

*) דער „אידישער קעמפער", יאנואר, 1918.

איז אומשטערבליך. אָבער ווען דער טויט קומט און כאַפּט זיין חלק ירושה איידער דאָס אומשטערבליכע אין דעם מענשען האָט זיך געקאַנט באַהויפּטען, דאַן בין איך איהם א שונא, דאַן האָס איך איהם — ווי דעם טויט.

ווען עס איז געשטאָרבען אונזער פּרץ, אייער פּרץ, אונזער אַלעמענס פּרץ, האָב איך געפיהלט, ווי מען וואָלט מיין האַרץ געשניטען מיט א מעסער. א טיפער טרויער האָט מיך געהאַלטען געפאַנגען פאַר א לאַנגער צייט. מיר האָט זיך געדאַכט איך בין געוואָרען א יתום. צו דער זעלבער צייט האָט אין מיין האַרץ, ערגעץ־וואו גאַנץ טיף, אין א באַהאַלטענעם ווינקעלע, געשלומערט א באַוואוסטזיין, וואָס האָט זיך אויסגעלאַכט פון דעם טויט, וואָס האָט געזאָגט: ניין! פּרץ איז ניט געשטאָרבען. פּרץ קאָן ניט שטאַרבען. דער טרויער מיינער איז געווען טיף, אָבער דאָס איז געווען א טרויער פאַר דעם שטערבליכען טייל פון פּרץ'ן, וועלכען איך האָב גראַד אויך ליב געהאַט. פּרץ האָט זיין גרויסע אויפגאַבע געהאַט ערפילט, ווען ער איז געשטאָרבען. ער איז דער וועלט גאָר ניט שולדיג געבליבען. זי איז ניכער געווען א בעל חוב צו איהם. אודאי וואָלט איך געוואונשען, ער זאָל נאָך זיין מיט אונז, אודאי וואָל־טען מיר אַלע געשעפּט פון זיין קוואַל. אָבער דאָס וואָלט נאָר פאַרגרעסערט די קוואַנטיטעט, ניט די קוואַליטעט. ביטער ווי איך האָב געפיהלט, ווען פּרץ איז געשטאָרבען, טיף אין מיין האַרצען האָב איך געהאַט דאָס געפיהל און דאָס באַוואוסטזיין פון א נצחון איבער דעם טויט. ער האָט דאָך בלויז דעם שטערב־ליכען טייל אוועקגענומען, און דיזער טייל איז סיי ווי געווען ווייט אוועק פון מיר. צי זיין גוף איז אין וואַרשא, צי אין הימעל, — זיין גייסט, זיין נשמה איז געבליבען מיט מיר. אויף דעם האָט דער טויט ניט קיין שליטה.

ניט לאַנג צוריק, כמעט אונטער די זעלבע אומשטענדען ווי באָרוכאָוו איז אין רוסלאַנד געשטאָרבען מיין פריינד מ. טערמאַן. דאָס איז פאַר מיר געווען א שטאַרקער הגם ניט אומ־ערוואַרטעטער קלאַפּ. טערמאַן איז געווען א העכסט אינטעליגענ־טער, עהרליכער און פּרינציפּיעל פערטרייער מענש, אָבער ער איז ניט געווען קיין שאַפענדע נאַטור. ער איז ניט געווען קיין בויימייי־

סטער. דערצו איז ער געווען א קראַנקער מענש, האָט פיעל געליטען. זיין טויט, א גרויסער פארלוסט פאר מיר, איז אפשר געווען א דערלעזונג פאר איהם. איך האָב געפונען א תירוץ פאר דעם מלאך המות און איהם מוחל געווען.

גאַנץ אַנדערש איז עס געווען מיט באָרוכאָוו'ן.

ער איז נאָך געווען יונג, געזונד, טעטיג, ארבייטסלוסטיג, פול מיט באגייסטערונג, מיט גרויסער פעהיגקייט, מיט פיעל וויסען און גרויסען חשק צו לערנען און צו לעהרען. זיין ארבייט, קאָן מען זאָגען, האָט זיך נאָר וואָס אנגעהויבען, און זי איז נע־ווען פיעל פארשפרעכענד.

ווען דער טויט קומט און מאַכט פּלוצלונג א סוף צו אזא לעבען, און ווען דאָס איז נאָך דערצו דאָס לעבען פון א פערזענ־ליכען פריינד, דאן איז ווירקליך א גרויסער הארצוועהטאָג.

איך וויל דאָ ניט מאכען דעם איינדרוק, אז איך פארגלייך באָרוכאָוו'ן מיט פּרצ'ן אין זשעניאַליטעט. דאָס ניט. עס איז גאָר ניט נויטווענדיג. ניט יעדער קאָן זיין א פּרץ, אָדער מוז זיין א פּרץ. פארשידענע מענשען טוען זייער ארבייט אויף פארשי־דענע אופנים. יעדער קאָן ווערען לייטזעליג אויף זיין אייגענעם אופן. באָרוכאָוו האָט זיך געהאט זיין וועג ווי צו בארייכערען די אידישע קולטור. דיזען וועג האָט ער זיך אליין אויסגע־וועהלט. אויף דיזען וועג, אויף וויפיעל מיר איז באקאַנט, איז ער דערוויייל דער איינציגער, און אויף דיזען וועג האָט באָרו־כאָוו אונז פיעל פארשפּראָכען. עס איז א גרויסער שאָד, וואָס דער נארישער טויט האָט איהם פון געראַובט די מעגליכקייט אונז צו געבען דאָס פארשפּראָכענע. פאר אונז אלעמען, פאר די, וואָס ארבייטען אויף דעם פעלד פון אידישער קולטור, ווי פאר דער קולטור גופא, איז זיין פריהצייטיגער טויט א גרויסער היזק.

* * *

עס וואָלט אפשר איצט געווען אויפ'ן פּלאַץ צו דערצעהלען, אונטער וועלכע אומשטענדען איך האָב זיך באקענט מיט באָ־רוכאָוו'ן, און ווי אזוי מיר האָבען געשלאָסען פריינדשאַפט כהרף עין, טראָץ דעם וואָס אין פיעל באַציהונגען, אין דעם פּועלי ציוניזם גופא, זענען אונזערע אנשויאונגען געווען גאַנץ

דער היפוך. איך האַלט זיך אָבער אָפּ פון דעם. אזעלכע עראינצ־רונגען האָבען דעם גרויסען חסרון, וואָס זיי פארפיהרען איינעם צו שרייבען וועגען זיך אליין, אנשטאט צו באשרייבען די פּער־זאָן, וועגען וועלכער עס האנדעלט זיך. איין זאך וויל איך אָבער יא דערצעהלען, ווייל דאָס כאראקטעריזירט באָרוכאָוו'ן.

מיט זיין גאַנצען וועזען איז באָרוכאָוו געווען א געלעהר־טער. מיט דעם מיין איך ניט צו זאָגען, אז ער איז געווען א בקי אין א סך ביכער, האָט געקענט א סך לשונות, אָדער א סך חכמות. דאָס האָט ער אויך פארמאָגט. אָבער ניט דאָס איז דער סימן, אָדער די גרויסקייט פון א געלעהרטען. די כאראקטע־ריסטיק פון א געלעהרטען באשטעהט אין דעם חשק, אין דעם שטרעבען אלץ צו וויסען, אלץ צו קענען, אלץ צו פארשטעהן. די ליבע צו וויסען, די ליבע צו די געגענשטאנדען, וועלכע מען וויל קענען און וויסען — דאָס מאכט דעם געלעהרטען. עס איז דאָ א גרויסער חילוק צווישען א געלערענטען און א געלעהרטען.

דער געלעהרטער איז אלע מאָל א געלערנטער, אָבער ניט אלע מאָל איז דער געלערנטער א געלעהרטער.

די קוריאָזיטעט צו וויסען, און דעם חשק צו לערנען האָט באָרוכאָוו באזעסען אין א גרויסער מאָס.

אין דער צייט, ווען איך האָב זיך מיט איהם באקענט און באפריינדעט — דאָס איז געווען אין דעם זומער פון 1912, אין וויען, אין קאפע צענטראַל — האָב איך זיך באגעגענט מיט פיעל אנדערע. אלע זענען זיי געווען געלערנטע, אלע חכמים, אָבער נאָר צוויי פון זיי זענען געווען א חוץ געלערנטע, אויך געלעהרטע. איינער פון זיי איז געווען דער אויך ליידער פארשטארבענער דר. ראטנער, און דער צווייטער, דער איצט פארשטארבענער באָרוכאָוו. אלע איבריגע האָבען נאָר געזוכט מיר צו באווייזען זייער אייגענע גרויסקייט, כדי איך זאָל דאָס קאָנען ברייננען צוריק אהיים קיין אמעריקא. ראטנער און באָרוכאָוו, און ספּעציעל באָרוכאָוו, האָבען זיך נאָר אינטערע־סירט מיט דעם, וואָס איך האָב זיי געקאָנט געבען פון אמע־ריקא. ווען איך האָב זיי ניט געקאָנט געבען פיעל, איז דאָס געווען מיין שולד, ניט זייער.

דאָס אידישע לעבען אין אמעריקא, אידישע קולטור אין

אַמעריקא, אידישע באַוועגונג, דער ארבייטער רינג, דאָס אי־דישע טעאַטער אין אַמעריקא, אידישע פּרנסות, אימיגראַציע — אָט דאָס איז געווען, וואָס זיי האָבען פון מיר געוואָלט ארויסצאַפּען. באַרוכאָוו ספּעציעל איז געהאַנגען אַרום מיר די גאַנצע צייט, און ביז דער לעצטער מינוט, וואָס איך בין געווען אין וויען.

א יאָהר שפּעטער, אין א בריף צו מיר שרייבט ער:

„די עראינערונג פון אונזער באַגעגעניש און בייזאַמען־זיין די פּאָר טעג אין וויען איז ביי מיר פאַר די לעצטע יאָהרען דער בעסטער און שענסטער זכרון".

איך חנפ'ע מיך טיילמאָל, אַז דאָס איז געווען מיין אייגענע פּערזענליכקייט, וואָס האָט איהם געגעבען דעם שעהנעם זכרון „פון אונזער באַגעגעניש און בייזאַמען־זיין", אָבער אין האַרצען ווייס איך, אַז דאָס איז געווען דער נייער בליק אויף אונזער לעבען דאָ, וואס איך האָב איהם געהאָלפען פאָרמולי־רען. ווי פיעל אנדערע האָט באַרוכאָוו צו יענער צייט פיעל אונ־טערשעצט און שלעכט פארשטאַנען אונזער טעטיגקייט, אונ־זערע טאַלאַנטען, אונזערע באַוועגונגען און אַספּיראַציעס אין דיזען לאַנד. אין מאַנכע פון זיינע אַנשויאונגען האָב איך אריינ־געטראָגען א קאָרעקטיוו, און ער האָט געשטראַלט פון שמחה. „איך האָב וועגען דעם ניט געטראַכט", „דאָס האָב איך פאַר־נאַכלעסיגט"; „ס'פרעהט מיך וואָס איהר האָט מיך אויפמערקזאַם געמאַכט". אָט דאָס זענען געווען די באַמערקונגען, וואָס ער האָט כסדר גאַנץ נאַאיוו און אָהן אויבער המצאות געמאַכט.

צי ער האָט אויך שפּעטער אָנגענומען מיינע אַנשויאונגען צי ניט, איז ניט וויכטיג. איך האָב אין דעם געזעהן דעם מענש, וואָס שטרעבט צו וויסען, וואָס זוכט א נייעם שטאַנדפּונקט; דעם מענש, וואָס ניט ווי פיעל אַנדערע ביי אונז, וואָס פרעגלען זיך אין זייער „געלערנזאַמקייט" און — אומוויסענהייט, זוכט מיט אַן ערנסט צו וויסען; א מענש וואָס קלייבט זיין וויסען ביי יעדער געלעגענהייט, און וואָס פרעהט זיך, ווען איינער דעקט פאַר איהם אויף א נייעם ווינקעל אין לעבען.

ווען ער איז שפּעטער געקומען אין אַמעריקא, האָב איך איהם ווירקליך באַדויערט, און האָב דאָס איהם אויך געזאָגט.

אין איירּאָפּא, אמת, האָט ער זעהר אָפּט, צוזאמען מיט זיין פרוי און קינד, געליטען הונגער און דחקות. אין אמעריקא איז איהם געווען פיעל בעסער. קיין הונגער האָט ער מער ניט געליטען. ער האָט אָבער פארלאָרען אויף אן אנדער וועג.

די מאָדערנע באוועגונגען ווי סאציאליזם אָדער ציוניזם און די סינטעזע פון די צוויי, ציוניזם־סאציאליזם, אָדער פועלי־ציוניזם, וועלכע באָרוכאָוו האָט פיעל געהאָלפען צו באשאפען, ליידען אָפּט פון דעם, וואָס זיי זענען עפענטליכע פּאָליטישע באוועגונגען געבוים אויף טעאָרעטישע אויספירונגען. די פיהרער אין דיזע באוועגונגען מוזען דאדורך באזיצען סיי טעאָרעטישע און ברייט עפענטליכע קוואליפיקאציעס, א קאָמבינאציע, וואָס נעהט זעהר זעלטען צוזאמען. פון דעם קומט, וואָס פון איין זייט האָבען מיר פיהרער, וואָס מאכען אונז חרפּות, ווען עס קומט צו באגרינדען די באוועגונג, פון דער צווייטער זייט האָבען מיר טעאָרעטיקער, וואָס ווערען פּאָליטישע פירער, צו וואָס זיי פּאסען זיך לחלוטין ניט, וואָס דאָס איז נאָך ערגער.

צו די לעצטע האָט נאָך מיין מיינונג געהערט באָרוכאָוו. פון נאטור, פון דיספּאָזיציע און ערציהונג איז ער געווען א טעאָרעטיקער. ער האָט קיין פיהרער ניט געקאָנט און ניט באַדארפט זיין. וויען, מיט איהר באשרענקטער אידישער טעטיג־קייט און מיט איהר גרויסער עפענטליכער ביבליאָטעק, איז פאר איהם געווען ווי געשאפען.

ווען ער איז געקומען אין אמעריקא, און געווען געצוואונ־גען זיך אריינצואווארפען אין דער עפענטליכער באוועגונג, און צו דעם האָט ער זיך נאָך געמוזט באשעפטיגען מיט טעג־ליכער צייטונג־שרייבערייַ — דאָס ערנסטע וואס קאן פּאסירען א טעאָרעטישער נאטור, איז ער ניט געווען אויף זיין פּלאַץ.

איך בין דערפאר געווען העכסט צופרידען, ווען ער איז אוועקגעפאָרען קיין רוסלאנד. דאָרט, אין דער ישיבה פון אידי־שער קולטור, האָב איך זיך געקלערט, וועט באָרוכאָוו, צום טראָץ פון דער רעוואָלוציע און דער מלחמה, גיכער געפינען א וועג ווי זיך איבערגעבען צו דעם, צו וואָס ער האָט זיך צום

בעסטען געפאסט, וואו ער קאן אויפטאן אזוי פיעל וויכטיגע, נוצליכע און נויטווענדיגע ארבייט. און דאָ קומט פלוצלינג דער נארישער, זינלאָזער טויט און רייסט איהם מיט געוואלט ארויס פון אונזערע הענט.

וואָסער שאָד, וואָסער רחמנות!

# פאַרוואָס איך שווייג?

אודאי צען מאָל א טאָג דארף איך ענטפערען אויף דער פראגע: פארוואָס איך האָב אויפגעהערט צו שרייבען.

איך ווייס ניט פון וואנען עס קומט, וואָס אזויפיל מענשען אינטערעסירען זיך צו וויסען דעם ענטפער אויף דיזער פראגע. צי עס קומט פון דעם, וואָס זיי בענקען טאקע נאָך מיין שריי־בען, צי עס קומט איינפאך פון קוריאָזיטעט, אָדער נאָר פון העפליכקייט, געגוג איז אז סיי באקאנטע, סיי אומבאקאנטע, סיי פריינד, סיי אומפריינד ווילען וויסען די אורזאך. איינינע האָבען זיך זאָגאר גענומען די מיה צו מיר צו שרייבען. איך זאָג יעדען אן אנדער תירוץ, און געוויינליך, ווי עס פאסירט מיט תירוצים, איז עס יעדעס מאָל נאָר א האלבער אמת, און א האל־בער אמת איז, ווי באוואוסט, — ניט דער גאנצער אמת.

פון מיינע באקאנטע און פריינד קאָן איך זיך ווי עס איז ארויסדרעהען. — איינעם זאָג איך אזא תירוץ, א צווייטען — אן אנדערען. סוף כל סוף נעהם דאָך זיי ניט אין לעבען צי איך שרייב, צי ניט.

איינער אָבער איז דאָ, פאר וועמען די פראגע איז זעהר וויכטיג, און וועלכער לאָזט זיך מיט גלאט א תירוץ ניט אָפּ־פטר'ן. דיזער איינער בין איך אליין. פאר מיר איז דאָס א לעבענס־פראגע. ניט חלילה א פראגע פון פרנסה. צו דארפען מאכען א לעבען פון אידישע שרייבעריי — דאָס ווינש איך ניט מיין גרעסטען שונא. אָבער פאר מיר איז דאָס א פראגע פון זיין אָדער ניט זיין, פון נעמען אינטערעס אין לעבען אָדער זיין גלייבגילטיג, צו אַלץ, וואָס קומט פאָר אין לעבען.

איינינע פון אונזערע שרייבער, ווי איך האָב באמערקט, באקלאָגען זיך אויף א דוחק אין טעמעס. די מלחמה האָט צווי־

---

*) „די נייע וועלט", דעצעמבער, 1917.

שען פיעל נויטיגע ארטיקלען, ווי צוקער, ווייץ, וואנאנען, שי־
פען, אויך אנגעמאכט א יקרות אויף טעמעס. איך קאן זיך
אויף דעם ניט באקלאגען. טעמעס פעהלען מיר ניט. ניט ווייל
איך בין אזוי רייך אין זיי. מיט דעם קאן איך זיך ניט באררי־
מען. מיר פעהלען זיי ניט ווייל איך דארף אזוי ווייניג פון זיי.
איינמאל א וואך, אדער גאר איינמאל א חודש, קאן מען שוין ווי
עס איז געפינען א טעמע, אפילו ביי דעם היינטיגען יקרות. אויף
דער צענזור קאן איך זיך אויך ניט באקלאגען. אויף מיר איז די
צענזור ניט חל. איך באשעפטיג זיך מייסטענס מיט „גלות
השכינה", מיט דעם „וועלט שמערץ", און דער „וועלט שמערץ"
טוט קיינעם ניט וועה. יעדער איינער מעג דאדורך פארשרייבען
רפואות צו דיזען שמערץ וויפיל זיין הארץ גלוסט. מען מוז ניט
דוקא האבען א דאקטאר־דיפלאם.

בלייבט די פראגע: פאר וואס איך שרייב ניט, אהן א
תירוץ.

און דאס הארץ ציהט און נאגט, די נשמה ברענט און רייסט
זיך און פיהלט ווי ארויסצופליהען פון דעם גוף.

פארוואס די פראגע איז פאר מיר אזוי וויכטיג, איז אדער
מען קאן ניט ערקלערען, אדער מען דארף ניט ערקלערען. דער
מענש, וואס האט אזעלכעס קיינמאל ניט איבערגעלעבט, וועט
דאס ניט באגרייפען, ווען איהר זאלט אפילו צו איהם רעדען פון
היינט ביז מארגען. פארקערט, ווידער דער מענש, וועמעס הארץ
עס קלאפט מיט דעם טאקט פון די געשעהענישען, אין וועמעס
נשמה דאס לעבען קלינגט אפ, ווי א ווידער־קול; דער מענש,
וועלכער ווערט אפט געטריבען פון אן אינערליכען, אומבאוואו־
סטען כח אויסצוגיסען זיין הארץ און זיך אפצורופען, פונקט
ווי דאס לעבען וואלט זיך צו איהם ספעציעל געווענדט און נע־
ווארט אויף זיין תשובה, הגם ביי זיך איז ער באוואוסט, אז ניט
איהם מיינט מען, און ניט איהם פרעגט מען — דער מענש דארף
ניט קיין ערקלערונג. ער ווייס וואס דאס מיינט, ווען אייגער
פאר'משפט זיך אליין צום שווייגען, אין א צייט, ווען ארום
איהם קאכט און זידט און ברענט.

ניט לאנג צוריק שטעלט מיך אפ א אידישער פאעט, איי־
נער פון די יונגע, און פרעגט: פארוואס האט איהר עפעס אויפ־

נעהערט צו שרייבען? פאַרנומען, ענטפער איך איהם. צופיעל פאַרנומען מיט געשעפט.

ער איז מיט דעם ענטפער ניט צופרידען. ווי קאָן מען אין אזא צייט שווייגען? פרעגט ער ווייטער.

ווי קאָן מען אין אזא צייט רעדען? ענטפער איך מיט א פראַגע. איהר האָט פולשטענדיג רעכט. איז געווען זיין ענטפער.

ניט טראַכטענדיג און ניט וועלענדיג, האָב איך געגעבען דעם ריכטיגען ענטפער, און ער האָט דאָס שנעל באַגריפען.

ווי קאָן מען אין אזא צייט רעדען?

אָט דאָס איז די פראַגע, וואָס שטעלט זיך מיר אין וועג יעדעס מאָל, ווען איך טראַכט צו נעמען די פעדער אין האַנט.

פאַר דעם גרויסען קינסטלער, פאַר דעם, אין וועמעס קאָפּ די וועלט מאָלט זיך אין בילדער, קאָן זיין, הגם איך בין שטאַרק מסופק אין דעם, זענען די היינטיגע וועלט פּאַסירונגען א קוואַל פאַר נייע שאַפונגען. די פאַרב פון די פּאַסירונגען, אמת, איז איינטאָניג, דערפאַר זענען זיי אָבער רייך אין פאַרשידענאַרטיגקייט, אין עפעקט, אין די שווינדעלדיגע שנעלקייט, מיט וועלכע זיי בייטען זיך, און איבערהויפּט, אין די גרויסציגינקייט און אין דעם שוואונג, מיט וועלכע זיי זענען אויפגעוואָרפען. פאַר דעם קינסטלער קאָן זיין, איז דאָס אלץ פון גרויסען ווערט. וואָס קאָן אָבער מיט דעם אלעם טאָן איינער, וואָס זוכט א תכלית אין לעבען? ניין! ניט דאָס מיין איך צו זאָגען. איך מיין, וואָס קאָן א מענש, וואָס געפינט, אז דאָס לעבען אליין איז דער תכלית, און עס דאַרף דאָדורך געמאַכט ווערען אזוי שעהן, אזוי אנציהענד, אזוי פיעלפאַכיג, אז עס זאָל זיין א נחת צו לעבען, וואָס קאָן אזא מענש טאָן מיט דיזער גרויסער, אומגעהייערער לייוואַנד, באַגאָסען מיט רויט, אויף וועלכע די סצענעס און בילדער, איינס שרעקליכער פון דאָס אַנדערע, לויפען דורך מיט א שנעלקייט, פון וועלכע עס פאַרכאַפּט דער אָטעם, עס שווינדעלט דער קאָפּ און עס בלענדען די אויגען? גראָד דער גרויסער שוואונג, די ברייטקייט, די שנעלע באַוועגליכקייט מאַכען איהם אוממעגליך צו באַטראַכטען די זאַכען. ער שטעהט פאַרגאַפט, אָהן אָטעם, בלינד און שטום.

וואָס קאָן אזא מענש טאָן? קאָפּירען די סצענעס? דאָס

איז ניט זיין זאַך. ער קאָן ניט מאָלען, ער קאָן אפילו ניט פאָ־טאָגראַפירען. ער וויל וויסען דעם תוך און דעם תכלית פון דעם אלעם. פון וואנען קומט עס, וואוהין פירט עס? אָבער אזוי שנעל ווי ער פרעגט די פראגע ווערט דאָס רויטע, ווי דורך א כישוף, פארוואנדעלט אין שווארץ, און ער זעהט ניט קיין זאך. ארום און ארום איז שווארץ, פינסטער. וימש חושך.

און די פינסטערניש פארכמארעט און פארשטעלט אלע אנדערע פראגען.

סאָציאליזם, נאציאָנאליזם, סאָציאלע גערעכטיגקייט, יושר, מאָראל, ליבע, קונסט, ליטעראטור — וואָסער באטרעף האָבען די אלע פראָבלעמען געגענאיבער די אייגציגע פראָבלעמע פון דער היינטיגער צייט? ווי קליין, ווי קליינליך, ווי ניט ווירדיג און ניט וויכטיג קומען די אלע זאכען פאר? ווי קאָן מען רעדען פון יושר און מאָראל, פון גערעכטיגקייט און געזעצליכקייט אין א צייט, ווען יעדע מאָראל ווערט געטראָטען און פארניכטעט, ווען אלע געזעצען, אפילו די געזעצען פון מלחמה, ווערען געבראָכען טויזענט מאָל יעדע שעה פון יעדען טאָג; וואָסער ווערט האָט ליבע, ווען פארגוואלדיגונג איז א געוויינליכע זאך; וועלכען ווערט האָט דאָס לעבען פון דעם איינצעלנעם, ווען גאנצע פעל־קער ווערען אויסגעקוילעט, פארגוואלטעוועט און פארניכטעט? ווי קאָן מן רעדען פון קונסט אין א צייט, ווען די קונסט ווערק פון דורות ווערען געוואלטזאם, אומ׳ברחמנות׳דיג צעשטערט און פארניכטעט? וואָסער ווערט האָבען די אלע אידעאלען, פאר וועלכע מיר האָבען געלעבט אין געשטריטען, און אויף וועלכע מיר האָבען געהאָפט? עס קומט אוים לעכערליך היינט צו טאָג צו רעדען פון די אלע זאכען.

בלייבט נאָר איבער פּאָליטיק, תכסיסי מלחמה. אָבער דאָס לאָז איך איבער פאר די סטראטעגיקער און די דיפּלאָ־מאטען.

האָב איך ווידער ניט וואָס צו זאָגען, שווייג איך.

וואָס איז מכח פּאַלעסטינא?

איך האָב גאָרניט וואָס אויסצוזעצען געגען דעם. איך וועל זיך הארציג פרעהען, ווען פּאַלעסטינא וועט געמאכט ווערען פאר א אידיש לאַנד — א לאַנד, וואוהין פיעל אידען וועלען קאָנען

אויסוואנדערען און זיך באזעצען אונטער דעם ענגלישען שוץ, און לעבען אויף זייער אייגענעם אופן, לויט זייער נאטור און זייער גייסט.

פאר מיר אָבער איז פאלעסטינא ניט קיין לעזונג פון דער אידישער פראגע. פאלעסטינא, אויב אלץ זאָל מאקע צוגעהן ווי די ציוניסטען שטעלען זיך פאָר, וועט אויף דעם בעסטען אופן פארענטפערען די פראגע פון אן אַנצאָל אידען, פון די, וואָס וועלען אויסוואנדערען. די אידישע פראגע וועט דאָס, נאָך מיין מיינונג, ניט פארענטפערען. פאר די מיליאָנען אידען, וואָס וועלען ניט און וואָס קאָנען ניט אויסוואנדערען, און וואָס ווילען דוקא בלייבען אידען — פאר די מיליאָנען וועט די „שאלת היהודים" אלץ בלייבען.

איך פרעה זיך מיט דעם פאקט, אויב ער וועט ווען עס איז ווערען א פאקט, אָבער די באגייסטערונג און דער גלויבען פעהלען מיר.

ניט לאנג צוריק האָב איך געלעזען אין א אידישער צייטונג וועגען דעם, ווי נחום סאָקאָלאָוו האָט זיך געזעהן מיט די אי־טאליענישע און האָלענדישע מיניסטאָרען פון אויסלענדישע אַנ־געלעגענהייטען מכח פאלעסטינא, און מיר האָט זיך פאָרגע־שטעלט אזא בילד: עס ברענט א פייער, א גאנצער קווארטאל איז אין פלאמען. די הייזער פלאקערען, מענשען ראטעווען זיך ווי זיי קאָנען, די פייערלייט ארבייטען מיט אלע כחות, מענשען לויפען און פאדען, אלע זוכען צו העלפען, אָבער דאָס פייער פארכאפט אלץ מער הייזער. מען ווארפט קינדער דורך די פענ־סטער, מען קריכט פון לייטערס, דערוואקסענע שפרינגען פון די דעכער און ווערען גע'הרג'עט, געשרייען, יללות, מאמעס זוכען קינדער, קינדער לויפען פארוויינט און קאָנען ניט געפינען זייע־רע מאמעס. און בעת דיזער גאנצער מהומה, געהט זיך אויף דער אנדער זייט גאס אן אלטער איד מיט א טאָרבע אויפ'ן פלייצע, גלייך ווי ניט איהם מיינט מען, און בעט זיך: שענקט א נדבה! און אָנשטאָט צו ווערען אין כעס, האָט מיך אָנגע־נומען א רחמנות. איך האָב פארביסען די ליפען און געבליבען

שטיל. געה רעד, ווען דער אלטער איז דיינער, און די טארבע איז דיינע!

* * *

ענדליך האבען מיר עס דערלעבט. דער רייכער קרוב האט אונז צוגעזאגט: אויב גאט וועט העלפען, ס'וועט זיין פרנסה, וועט מען אונז געבען א שעהנע נדבה, און ווי די צייטונגען שרייבען, געהט דעם פעטער גאנץ גוט. מיר קאנען האפען אויף דער נדבה. און אייניגע פון אונז זענען זיך שטארק מסעסק און משמח. מען רופט פארזאמלונגען און מען רעדט, און מען רעדט, און מען רעדט און מען רעדט.....

וואס קאנען ארימע לייט, וואס ווארטען אויף א נדבה, מער ווי רעדען?

רעדט מען און מען פרעהט זיך מיט דער הבטחה, און מען נעהמט זיך א גרויסען זאק.

איך בין מקנא די מענשען. גליקליכע מענשען. אמת'ע חסידים. איז ניטא קיין בראנפען, טרינקט מען וואסער פון א פלעשעל און מען וואקעלט זיך אויף די פיס.

איך האב פיינט זיך אנצו'שיכור'ען מיט וואסער. אז טרינקען זאל זיין געטרונקען.

קוק איך צו און שווייג.

וואס קאן מען זאגען? מענשען זענען גליקליך, די מענשען זענען מיינע אייגענע, זאלען זיי זיך פרעהען. אפשר? אולי ירחם?

פון אלע גרויסע אידעאלען, וואס מיר האבען ביז היינט געהאט, פאר וועלכע מיר האבען געלעבט, און צוליב וועלכע עס האט געשיינט, עס איז געווען כדאי צו לעבען, פון אלע די אידעאלען איז נאר געבליבען איין אידעאל. קיין קאנטראקט, קיין אפמאך עקזיסטירט ניט מער. אן אפמאך — דאס איז א שטיקעל פאפיר; מאראל איז דאס וואס פירט צו מיין ציל; ליבע און גערעכטיגקייט האבען אפגעגעבען זייער פלאץ צו האס און פיזישער קראפט. דאס מענשליכע לעבען, דאס לעבען פון דעם איינצעלנעם, ווי דאס לעבען פון גאנצע פעלקער, איז נאר ניט ווערט, אלץ איז פארשוואונדען, געבליבען איז נאר איין אידעאל. דאס איז דער אידעאל פון דעמאקראטיע. מאכען די וועלט זיכער

פאַר דעמאָקראַטיע. דאָס איז באַשטימט. פון דעם איז ניטאָ וואָס צו רעדען.

היינט ווען רחמנות און יושר און מאָראַל און פּרינציפּען און קונסט, און זאָגאַר דאָס מענשליכע לעבען האָבען קיין ווערט, פון וואָס איז דאָ צו רעדען?

שווייג איך.

וואָס איז די פּעולה?

# אינהאלט:

